ב"ה

הארציגע ווינשען
צו מיין פריינדין
מרס. ציפי לעסאוה פערזענונג
און תפילה שלמה
רפואת הנפש
ורפואות הגוף
און אסך גוטס

מאלה רבקה שלחט

# געזאמעלטע שריפטן

## פון שרה שענירער

איבערגעדרוקט דורך דעם

בית־יעקב לערערין סעמינאר אין אמעריקע

שנת תשט"ו

---

*BETH JACOB TEACHERS SEMINARY*

*OF AMERICA*

143 SOUTH 8th STREET

BROOKLYN 11, N. Y.

# פאָרוואָרט

## פון הרב שלמה ראטענבערג

ביים איבערדרוקן די געזאמלטע שריפטן פון שרה שענירער ע״ה, איז נישט מעגלעך צו פארגעסן די אלע נאָנטע מיטארבייטערס פון פרוי שענירער, אָט די וועלכע האבן געהאלפן שאפן און שפעטער אנטוויקלען דעם בית יעקב סעמינאר אין קראקא, און די בית יעקב וועלטס־באוועגונג בכלל.

הגם זייערע מעשים זענען זייער אנדענקען, דאך זאלן זייערע נעמען דא דערמאנט ווערן לזכרון עולם.

ר׳ יהודה ליב ארלעאן, מנהל פון בית יעקב סעמינאר אין קראקא, פוילן, געבענטשטער שרייבער און אראטאר, פון די איינפלוסרייכסטע משפיעים



ר׳ יהודה ליב ארלעאן ז״ל

אין די רייען פון די פוילישע אגודת ישראל. ספעציעל אויף די יוגנט און פועלים. א צייט לאנג מיטארבייטער פון פרוי שענירער, לייטער פון סעמינאר,

נאך איר פטירה ספעציעל פארנומען די צענטראלע פאזיציע פון מנהל פון קראקאווער סעמינאר, געווען דער מחנך, דער בעל השפעה, דורך זיינע למודים פון יידישע געשיכטע, יהדות און שמועסן. געווען דער מחבר פון יהדות פראגראם פון די בית יעקב שולן, פון יידישן קולטור פראגראם פאר בית יעקב און בנות, יידיש לעבן און נאָך. בכלל אויסגעבויט דעם סעמינאר לשם ולתפארת, און אוועקגעשטעלט אויף א וואונדערלעכן אופן די בית יעקב צענטראלע וועלכע האט מיט אזא הערלעכן דערפאָלג אנגעפירט מיט די לערערינס און די הונדערטער ב״י שולן איבער גאנץ פוילן.

בשעת דער לעצטער וועלטס־מלחמה איז ר׳ יהודה ליב ארלעאן אויס־געוואקסן אין זיין גאנצע ריזיקע דערהויבנקייט. דער גאנצער ביטערער עול איז געלעגן אויף די ארימע פלייצעס פון אָט דעם שטילן ריז. אין מיטן פון די ביטערע צרות איז זיין שטוב געווען די צענטראלע פאר גאנץ בית יעקב. פון דארט האבן די לערערנס געשעפט טרייסט און כח. זייענדיק מפקיר זיין לעבן זענען פון זיין האנט און פון זיין שטוב כסדר ארויסגעגאנגען איבערן גאנצן לאנד, שריפטן, שעורים, לערן־מאטעריאל און ערמוטיגונגס בריף צו די לערערנס און פירערנס פון בנות.

ר׳ יהודה ליב ארלעאן איז אומגעקומען על קדוש ד׳, אין איינעם פון די לעצטע טראנספארטן, וועלכע די נאציס ימ״ש האבן אוועקגעפירט ממש פאר די באפרייאונג אין שמחת תורה תש״ה.

ד ר. ש מ ו א ל ד י י ט ש ל ע נ ד ע ר. פון די פירער פון די וועלטס־אגודת ישראל. דער גרינדער און פירער פונם „קרן התורה״ פאָנד פאר החזקת התורה.

א דאנק דר. דייטשלענדערס פאכמענישע און ענערגישע מיטהילף איז דער קליינער אנהויב פון פרוי שענירער אויסגעבויט און פינאנציעל געשטיצט געווארן פונם „קרן התורה״. הונדערטער סעמינאריסטנס זענען אריינגענומען געווארן אויפן חשבון פון „קרן התורה״.

דר. דייטשלענדער האט געגרינדעט און פערזענלעך אנגעפירט דעם בית יעקב סעמינאר אין ווין, עסטרייך. אין דער זעלבער צייט האט דער אונערמיד־לעכער עסקן אויך אנגעפירט דעם „קרן התורה״, און איז נאך דערצו רעגעל־מעסיק געקומען קיין קראקא און אין די זומער קאלאניעס געלערנט און גערעדט פאר די תלמידות. מיט זיינע למודים און השקפות, געבויט אויף די געדאנקען פון ר׳ שמשון רפאל הירש, האט דר. דייטשלענדער שטענדיק שטארק מעורר געווען די תלמידות, און זיין פערזענליכקייט האט געלאזט אויף זיי א שטארקן רושם.

צוזאמען מיט פרוי שענירער איז דר. דייטשלענדער באמת דער שאפער פון בית יעקב. פרוי שענירער איז געווען דער אנהויב, די נשמה, דר. דייטש־לענדער אבער האט געשאפן דעם גוף, ער האט דעם קליינעם ניוקלוס אויס־געבויט פאר א וועלטס־באוועגונג, וואס האט נישט אירס גלייכן אין די געשיכטע פון יידן.

פ ר ו י ד ר. י ה ו ד י ת ר א ז ע נ ב ו י ם ־ ג ר י נ פ ע ל ד, תבדל לחיים לאנדאן, ענגלאנד. פון די מיטארבייטערינס פון שרה שענירער ע״ה. א דינא־מישע פערזענלעכקייט, אונטעריכטעט חומש, היסטאריע, פסיכאלאגיע. באצוי־בערט די תלמידות מיט די געדאנקען און שריפטן פון ר׳ שמשון רפאל הירש זצ״ל. געהאט א שטארקע השפעה אויף די פארמירונג פון השקפות פון די תלמידות. זעצט יעצט פאָר איר חנוך ארבייט אין לאנדאן, ענגלאנד.

## פאָרוואָרט

פרל. חוה לאנדסבערג. פון די ערשטע מחנכות פון סעמינאר, געווען פון די הויפט מיטארבייטערנס פון שרה שענירער ע"ה. פאר לאנגע יארן געווען משפיעה אין סעמינאר אין קראקא, דאן אין ווין. דערצויגן א סך פון די חשובסטע בית יעקב לערערנס און פירערנס איבער די גאנצע וועלט. שפעטער געשאפן דעם בית יעקב סעמינאר אין ירושלים, וועלכעס זי האט געפירט ביז צו איר פטירה אין יאר תש"ז.

און יעצט לויטן א־ב.

פרוי חנה גראספעלד־ביעגון. תלמידה פון פרוי שענירער ע"ה און תבדל לחיים פרל. דר. ראזענבוים, געווען אין די לעצטע יארן די הויפט מחנכת אין סעמינאר דורך אירע רייכע חומש־קלאסן, און מוסר־שמועסן. ספּעציעל א דאנק די הילף פון איר מאן ר' יוסף ביעגון זצ"ל, דעם אומ־פארגעסלעכן מלקט און מסדר פונם „ילקוט ידיעות האמת" פון ר' משה חיים לוצטו זצ"ל, איז זי געווארן די מאמע פון סעמינאר. אויך טעטיק געווען אין בנות. געווען א ריינע פערזענלעכקייט, ממש א טיפּ פון א אשה צדקנית. א דאנק איר וואונדערלעכן ביישפּיל, קלארקייט, און הארציקייט, האט זי דערצויגן דורות פון איבערגעגעבענע, באוואוסטזיניקע און שטאָלצע לערערנס.

פרל. יהודית בוימינגער. דקדוק לערערן אין סעמינאר און בנות פירערן. שטיל, צניעותדיק, קיינמאל גארנישט פארלאנגט פאר זיך אליין. מיט א געוואלדיק עקשנות אין מדות־ארבייט.

פרל. אסתר גאלדשטאף. פון די ערשטע תלמידות פון שרה שענירער ע"ה. פון די שענסטע אויסגעשולטע פּעדאגאגן. אירע מוסטערהאפטע פרקי־אבות קלאסן זענען געווען א מוסטער פון לערנען און אויסלערנען, פסיכאלאגיש און פּעדאגאגיש. געמאכט לעבעדיק דורך אירע מעטאדיק לעקציעס די געשיכטע פון כלל ישראל. דאס בילד פון יידישע צניעות, די גוטסקייט אליין, און שטענדיק בשמחה.

פרוי צפורה שטשעראנסקי־וואטשאזש. נאך פון די ערש־טע מיטארבייטערנס פון שרה שענירער ע"ה. געלערנט דינים, בעל בית'ש־קייט, הלכה למעשה, פראקטיש, אפילו ביז אריינברענגען היינער אין קלאס, צו לערנען כשר מאכן. ארומגעפארן גרינדן נייע ב"י שולן, רעדן פאר בנות א"י. אונערמידלעך. א מוסטער פון טיכטיקייט.

פרוי אסתר גראס־האמבורגער, (ארץ ישראל). געווען א לערערן און משפיעה אין קראקא. געשאפן און געפירט דעם בית יעקב סעמינאר אין טשערנאוויץ, רומעניע. אויך אין דער וועלטס־מלחמה במסירת נפש ווייטער געפירט די חנוך־טעטיקייט. אויך הצלה ארבייט. שפעטער עולה געווען קיין ארץ ישראל.

פרוי ביילא גראס־פאסטאג. בנות פירערן. אזוי באשיידן אינם פערזענלעכן לעבן. א רעגירונגס לערערן מיט די העכסטע אויסצייכנונגען האט זי אין סעמינאר אונטערריכטעט דעם אבליגאטארישן פראגראם פון למודי חול. געווען א מוסטער פון תמימות.

פרוי גיטל טייטלבוים־פאס. פּעדאגאגן, נ"ך לערערן, מיט

א רואיגע שטארקייט. בנות פירערן. אין שטוב א מוסטער פון א אידישע מאמע. א מוסטער פון סבלנות.

ר׳ אלכסנדר זושא פרידמאן. פון הויפט פירער פון אגודת ישראל אין פוילן. תלמיד חכם, בעל מחשבה, רייכער שריפטשטעלער און רעדנער. צוזאמען מיט ארלעאן פון די פארפאסער פון ב״י פראגראם. מחבר פון פירוש התפלה פראגראם, מיטארבייטער אין בית יעקב זשורנאל. געווען פון די טאטעס פון בית יעקב.

ר׳ אליעזר גרשון פרידנזאן. הויפט פירער פון בנות א״י. רעדאקטאר פונם אומפארגעסלעכן „בית יעקב״ חדש זשורנאל מיט דער רייכער קינדער ביילאגע „פרישע בלימעלעך״ און „קינדער גארטן״. אונערמידלעכער עסקן און ארגאניזאטאר. געגרינדעט די פאַך שולע פאר מיידלעך „אהל שרה״.

ר׳ משה דייטשער, ר׳ אלעזר שאפירא, און שפעטער ר׳ מאיר הייטנער — געווען די שטילע פארזאָרגערס. געטראגן אויף זיך דעם פינאנציעלן עול פונם סעמינאר דארמיטארי; און פון די 3 חדשימדיקע זומער קאלאניעס און פאָרט־בילדונגס קורסן וואו די הצלחה פלעגט זיין נאך גרעסער ווי אין סעמינאר. ערלעכע אונערמידלעכע ארבייטערס. געהארעוועט אין די שווערסטע באדינגונגען שטילערהייט, אן פרסום. דאס דערהאלטן דעם סעמינאר אליין איז געווען זייער הויפט־באלוינונג.

אָט דאס זענען זיי, די שאפער די הויפט־בויער פונעם אונפארגעסלעכן קראקאווער בית יעקב סעמינאר, וועלכעס האט דערמעגליכט אז בית יעקב זאל ווערן די הערליכע וועלטס־באוועגונג פון חנוך הבנות.

זיי זענען געווען די פראמינענטע פירער און פירערנס, זיי האבן געטראגן דעם עול, אבער מיט זיי און נאך זיי זענען געשטאנען די נישט־באקאנטע, די פארגעסענע העלדן פון בית יעקב, די הונדערטער לערערנס, די שטילע קעמ־פערינס, וועלכע האבן מיט זייער הייליק מסירת נפש און מיט אזוי פיל איבער־געגעבענקייט און עקשנות געשאפן און אויסגעבויט די העכער דריי הונדערט בית יעקב שולן אין פוילן מיט זייערע קנאַפּע 40,000 תלמידות. אָט זיי זענען עס געווען די וועלכע האבן געטראגן מיט שטאָלץ און פעסטקייט די פאָן פון תורה און יידישקייט. און זיי, די נישט באקאנטע בית יעקב לערערנס, די נישט באזונגענע, טאג־טעגלעכע העלדינס, זיי האבן ווייטער גיגעבן די ירושת האבות, זיי האבן מחזק געווען דורות, זיי זענען עס געווען די וועלכע האבן באמת געבויט דעם וועלטס־בנין פון בית יעקב.

געפאלן זענען זיי דורך די האנט פון די רשעים ימ״ש. וד׳ ינקם דמם. אבער נישט אומזיסט איז געווען זייער העלדישקייט.

נאך אלץ לעבט זייער שאפונג! דער בנין שטייט ווייטער. די ירושה ווערט ווייטער געהיטן. אין נייע לענדער און אין אנדערע שטעט.

בית יעקב לעבט!

# אינהאלט



פאַרשידענעס

* * *

ווען מיט 15 יאָר צוריק, ס׳איז געקומען אונזער פירערין פרוי **שרה שענירער** צו דער אידישער וועלט, מיטן געדאַנק פון „בית־יעקב״, האָט זי געהאַט ווייניג אָנהענגער, און גאָר אַ קליינער צאָל אידישע עלטערן האָבן פאַרשטאַנען, וואָס זי וויל און וואָס זי מיינט.

דער אָרטאָדאָקסישער עולם, איז געווען פול מיט ייאוש צום רעליגיעזן חינוך־הבנות און במילא נישט געגלויבט, אַז עפּעס אַ באַשיידענע אומבאַקאַנטע פרוי וועט קענען אָפּרוקן דעם באַרג און אויסגלייכן דעם טאָל...

פרוי שענירער זייענדיק פול מיט אמונה און איבערצייגונג אין איר אמת, האָט אָבער זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר דעם ביטול און אומפּאַטרויען צו איר פּערזאָן. זי האָט זיך פאַרמאָסטען צו ווערען אַ רינג אין דער לאַנגער גאָלדענער קייט פון אידישע פרויען־העלדען, וואָס האָבן אין אַלע דורות געבראַכט דעם אידישען פאָלק, טרייסט, שטאַרקייט און ישועה.

דאָס ערלעכקייט, אידיש פייער, אַרבייטזאַמקייט, מסירת־נפש, אָריגינאַלקייט און טיפער גלויבען אין איר אידעאַל, האָט דער פרוי שענירער שוין פאַראייביגט אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק, אַלס מוסטער־טיפּ פון אַן אשה כשרה וצנועה, אויף אַ סך דורות אַרויס.

אַ סך צו פאַרדאַנקען דעם נצחון פון בית־יעקב־אידעאַל און דעם מאַסן־צוריקקער צו ישראל סבא פון די טויזענטער אידישע מיידלעך, האָבן מיר איר פייערדיג וואָרט בכתב, וואָס ווערט תמיד אַרויסגעזאָגט מיט תמימות, נשמה־געפיהל, האַרציג, פשוט און מוז טרעפען אין פינטעל פון דער אידישער פרויען־נשמה.

מיר האָבן דאָ אין דעם בוך צונויפגעזאַמעלט די וויכטיגסטע מאמרים, געלעגענהייטס־שמועסן, בריוו צו יוגענט און קינדער, וואָס זענען געשריבען געוואָרען דורך פרוי שרה שענירער במשך די לעצטע 10 יאָר אין בית־יעקב־זשורנאַל און קינדער־גאָרטן און טיילווייז אויך אין אַנדערע שריפטען.

מיר האָפען דערמיט צו האָבען געטאָן אַ גאָר נוצליכע זאַך. די אידישע פרוי און מוטער, דאָס אידישע מיידעל און דאָס אידישע קינד, וועט דאָ געפינען אַ מעגליכקייט זיך צו באַקענען מיטן אמת־אידישען קוק אויף די פאַרשיידענע לעבענס־פראַגען, דערלערנען דעם זין פון די אידישע ימים־טובים, ווערען באַוואוסטזיניג אין אַ סך ענינים פון אידישקייט, טיפער פאַרשטיין דעם אידעאַל פון אַ פרויען־לעבען לויט דער תורה און פונ׳ם דערציען דאָס יונגע דור אין דעם גייסט פון גאָטס פאָלק.

זאָל דאָס בוך ווערען דאָס האַנט־בוך פון דער אידישער טאָכטער, און זאָל די אידישע פרוי אין דעם בוך לייענען און לערנען כסדר נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל. זאָלען די לערערינס און דערציערינס די געדאַנקען און אידעען פון פרוי שענירער דערנענטערען צו יעדען וואָס געפינט זיך אונטער זייער השפעה, און דאָס וועט זיין אַ סך, גאָר אַ סך געהאָלפען שטאַרקען און באַקרעפטיגען דעם אידעאַל פון בית־יעקב, אַז ס׳זאָל מקוים ווערען והיה בית יעקב לאש!!!

**צענטראַלער סעקרעטאַריאַט פון**
**בנות אגודת ישראל אין פוילן**

לאָדזש, סיון התרצ״ג.

# א בריעף פון הייליגען גאון רבן של כל בני הגולה החפץ חיים זצ״ל



ב״ה, יום כ״ג לחדש שבט, תרצ״ג

אל כבוד האלופים הנכבדים חובבי ומוקירי תורה החרדים לדבר ד׳ אשר בעיר פריסטיק יצ״ו.

כאשר שמעתי שהתנדבו אנשים יראים וחרדים לדבר ד׳ ליסד בערים בי״ס בית יעקב ללמוד בו תורה ויר״ש מדות ודרך ארץ זו תורה לילדות אחב״י. אמרתי לפעלם הטוב יישר ד׳ חילם ומעשה ידיהם יכונן כי ענין גדול ונחוץ הוא בימינו אלה. אשר זרם הכפירה ר״ל שורר בכל תקפו והחפשים מכל המינים אורבים וצדים לנפשות אחב״י וכל מי שנגעה יראת ד׳ בלבבו המצוה ליתן את בתו ללמוד בבי״ס זה. וכל החששות והפקפוקים מאיסור ללמוד את בתו תורה אין שום בית מיחוש לזה בימינו אלה. ואין כאן המקום לבאר באריכות.

כי לא כדורות הראשונים דורותינו אשר בדורות הקודמים הי׳ לכל בית ישראל מסורת אבות ואמהות לילך בדרך התורה והדת ולקרא בס׳ צאינה וראינה בכל ש״ק. משא״כ בעוה״ר בדורותינו אלה. וע״כ בכל עוז רוחנו ונפשנו עלינו להשתדל להרבות בתי ספר כאלו ולהציל כל מה שיש בידינו ואפשרותינו להציל.

הכותב למען כבוד התורה והדת

ישראל מאיר הכהן

ב"ה

# הקדמה

שרה שענירער האָט געשאַפען דעם גרויסען קידוש השם פון אונזער דור — די בית־יעקב באַוועגונג. יהי זכרה ברוך!

* * *

לאַנג האָבען מיר געטרוימט וועגען איבערדרוקען די געזאַמעלטע שריפטען פון שרה שענירער ז"ל אום איר געדרוקט וואָרט צו די ברייטע, אידישע מאַסען צו ברענגען. עס איז דעריבער גרויס אונזער פרייד אין דעם איצטיגען מאָמענט, ווען אָט דער חלום ווערט פאַרווירקליכט.

דער ספר איז איין אוצר פון טיעפע תורה געדאַנקען, הויכע השקפות און וואונדערליכען מוסר. דאָס זענען דברים היוצאים פון אַ לב טהור, און דרינגען דעריבער אריין טיף אין דעם האַרצען פון דעם לייענער.

מיר האָפען אַז דער ספר וועט זיין איין אינספּיראַציע פאַר דער אידישער טאָכטער אין אמעריקא, אַזוי ווי ער איז עס געווען אין אייראָפּע.

## אַ וואָרט צו אַלע תלמידות פון די בית־יעקב שולען:

טייערע קינדער,

עס איז שווער אויסצודריקען די געפילען, מיט וועלכע מיר, די תלמידות פון שרה שענירער ז"ל גיבען איבער דאָס דאָזיגע בוך אין אייער האַנט. ווער פון אייך האָט עס נישט געהערט דעם נאָמען שרה שענירער? אַ הייליגער ציטער נעמט אונז אַרום ווען מיר הערען בלויז די קלאַנגען פון דעם נאָמען. אָט שוועבט אויף פאַר אונזערע אויגען איר ליכטיג געשטאַלט. זי איז געווען אַ לעבעדיג בילד פון דעם „עבדו את ד׳ בשמחה" — צו וועלכען זי האָט אונז שטענדיג גערופען. אין אירע אויגען — אַ הייליגער פייער. אויף איר פנים — אַ ליבליכער שמייכעל. אַ גרויסע פרוי איז זי געווען. עס האָט פון איר געאָטעמט מיט אַ רוח קדושה, און ווער עס איז אין אירע ד' אמות געשטאַנען האָט נישט געקענט קיין שלעכטס אין האַרצען באַהאַלטען. עפּעס איז מען ווי געלויטערט געוואָרען אין איר בלויזער נאָענטקייט.

מיט וויפל ליבשאַפט האָט זי עס צו יעדע איינע פון אונז גערעדט!

מיר האָבען נישט געפילט, אַז מיר זענען בלויז איינע פון צענדליגע־טויזענדער בית־יעקב מיידלעך, נאָר ווי „איך" אַליין וואָלט פאַר שרה שענירער עקזיסטירט און וועגן „מיר" אַליין זאָרגט זיך די מוטער.

שפּעטער ווען מיר האָבען דעם בית־יעקב סעמינאַר אין קראָקע פאַרלאָזט, האָט זי געפונען צייט צו יעדער איינער פון אונז און צו אונזערע תלמידות, בריוועלעך צו שרייבען. ווי גרויס איז געווען אונזער פרייד, ווען עס פלעגט אָנקומען אַזאַ בריוועלע פון איר — אַ בריוועלע פון דער מאַמען. יאָ, אַ מאַמע איז זי געווען, אַ מאַמע ממש, אַ מאַמע פאַר יעדען קינד וואָס האָט נאָר אַ שייכות מיט בית־יעקב, זי האָט עס זייער אָפט געזאָגט. זי אַליין האָט לא עלינו קיין קינדער נישט געהאַט, אָבער זי פלעגט תמיד זאָגען: „איך האָב טויזענדער קינדער. יעדעס בית־יעקב קינד איז מיין קינד". און טאַקע נאָר אַ מאַמע, אַ ריכטיגע מאַמע, קען זיך אַזוי מיט די קינדערס הצלחה פרייען.

ווער האָט נישט געזעהן איר שמחה ווען מ'האָט איר מודיע געווען, אַז די קינדער לערנען זיך פלייסיג, אַז זיי זענען בעסער געוואָרען אין דער אָדער יענער מידה טובה, אַז זיי זענען שטאַרקער געוואָרען אין קיום המצוות. אַ שמייכעל פון אמת'ן גליק האָט זיך דאַמאָלס אויף איר פנים צעשפּילט, צו איר פרייד איז קיין גרעניץ נישט געווען!

א, הלואי וואָלטען מיר זוכה געווען צו האָבען איר נאָך יעצט מיט אונז און קענען ווייטער פערזענליך קריגען פון איר חיזוק און מוט בעבודת ד'! אָבער ליידער זענען מיר דערצו נישט זוכה געווען.

פרייטאָג צו ליכט בענשען כ"ו אדר א' שנת תרצ"ה איז די מאַמע פון אונז אַוועק. ווי אַ דונער אין מיטען העלען טאָג, האָט אונז די ידיעה פון איר פטירה געטראָפען! יעצט נאָך ניינצען יאָר, קענען מיר זיך קוים גלויבען, אַז דאָס איז טאַקע אמת. עס האָט דאָך פון איר שטענדיג געשפּרודעלט מיט לעבען, מיט טעטיגקייט — איז זי ווירקליך מער צווישען די לעבעדיגע נישטאָ?

איך קען נישט די טרערען באַהערשען, ווען איך לעב אויף אין געדאַנק די דאָזיגע זכרונות. יאָ, אַ ביטערען פאַרלוסט, אַ שרעקליכע אבידה האָט דער כלל ישראל' מיט איר פטירה געליטען!

אָבער, צדיקים במיתתם קרויים חיים!

יאָ, די מאַמע איז טאַקע אַוועק, אָבער אַ גרויסע ירושה האָט זי אונז געלאָזען — — —

אַ טייל פון איר לעהרע און פון אירע פערעלדיגע געדאַנקען זענען געבליבען אין אירע „געזאַמעלטע שריפטען". ווי אַ צוואה — אַ הייליגע צוואה פון אַ מאַמען דאַרפען מיר יעדעס וואָרט אין דעם בוך לייענען. די צוואה האָט זי געשריבען נישט צו א י י ך, נאָר צו ד י ר, צו דיר ליבע לעזערין, צו דיר טאָכטער פון בית יעקב האָט זי עס דירעקט געשריבען.

זאָלסט וויסען ווי צו האַלטען דאָס דאָזיגע בוך. דאָס איז נישט אַ בוך בלויז צו באַצירען דעם ספרים שאַנק. נישט בלויז צום איבערלייענען, נאָר צו לערנען — טעגליך לערנען.

פאַרשטייט זיך נישט **בלויז** לערנען, נאָר בעיקר צו מקיים זיין! „לא המדרש עיקר אלא המעשה"! יאָ, ווי אַ שלחן ערוך דאַרף דאָס דאָזיגע בוך פאַר יעדע אידישע טאָכטער זיין.

אונזערע חז"ל זאָגען, אַז ווען די לעבעדיגע זאָגען איבער עפּעס אַ געדאַנק פון אַ נפטר — שפתיו דובבות בקבר — באַוועגען זיך די ליפּען פון דעם נפטר אין זיין קבר. מיטן לערנען אירע מאמרים, וועלען זיך געוויס באַוועגען אירע ליפּען אין קבר און זיי וועלען שעפּטשען אַ מוטער־ליכע ברכה אויף אונז אַלע, קינדער פון דער בית־יעקב באַוועגונג!

מיט אַ געפיהל פון הייסטער ליבע און טיפסטער פאַרעהרונג צו דער גרויסער נפטרת, אונזער גייסטיגער מאַמען, גיבען מיר איבער דאָס דאָזיגע בוך אין אייער האַנט! מיר האָפען אַז איר וועט וויסען ווי הייליג און טייער עס צו האַלטען! זאָלען אירע רייד שטענדיג בלייבן פאַר אונז אַלעמען אַ קוואַל פון אייביגען חיזוק פאַר דעם רעיון פון בית־יעקב!

אין נאָמען פון אלע תלמידות פון
שרה שענירער ז"ל אין אמעריקא

**וויכנע קאפלאן**

כ"ו אדר א' תשי"ד, ברוקלין, ניו יאָרק.

---

# בלעטער פון מיין לעבן



איך בין געבוירען געוואָרען אין קראָקע, אין חודש תמוז תרמ״ג. מיין טאַטע זכרונו לברכה האָט געהייסן ר׳ בצלאל הכהן פון טאַרנע, וועלכער האָט געשטאַמט פון ש״ך׳ס משפחה און איז געווען פון די ערשטע סאַנדזער חסידים.

מיין טאַטענס מאַמע שינע פייגע ע״ה, איז געווען גאָר אַ גרויסע צדיקת. פון איר פרומקייט, גוטסקייט און צניעות דערציילט מען זיך נאָך היינט אַ סך אָן. זי פלעגט אין די גרעסטע פרעסט צוטראָגען וואַרימע טיי די ישיבה־בחורים אין קלויז. זי פלעגט זיך לאָזען קאָסטען אַ סך געלט צו קענען משמש זיין דעם הייליגען סאַנדזער צדיק זי״ע און זי איז בכלל געווען אַ גרויסע בעלת מדות טובות.

מיין מאַמע זאָל לעבען, שטאַמט פון קראָקע, זי איז אַן אייניקעל פון ר׳ אברהם לאַק ז״ל, זיין ווייב, מיין באָבע חי׳, פון דער היים קאַרמעל איז זיך מתיחס דור נאָך דור צום ב״ח.

פון מיינע עלטערען דערציילט מען זיך אָן זייער פיל גוטס. זיי האָבען געהאַט אַ גרויסע שניט־קראָם און זייער פיל סחורות צוטיילט צווישען אָרימע לייט. די באָבע ע״ה האָט יעדען ראש־חודש זיך געלאָזט אויפנייען פרישע וועש און די אַלטע צוטיילט צווישען אָרימע.

מיין טאַטע ע״ה האָט אריינגעלייגט זיין גאַנצען כוח אין דעם חינוך פון זיינע קינדער, זיי צו דערציהען אידיש און פרום. ער איז געווען אַ הייסער בעלזער חסיד און טאַקע אַ בן־בית ביים אַלטען בעלזער רבין זי״ע.

אַכט יאָר בין איך געגאַנגען אין אַ פּאָושעכנער שול, וואו ס׳האָבען אויך געלערענט קריסטליכע קינדער. שוין צו 6 יאָר פלעגט מען מיך רופען אין שול מיטן צונאָמען „חוסעטקא״ (חסידית׳טע). איך געדענק אויך, אַז כ׳האָב זיך אין שול ספּעציעל שטאַרק אויסגעצייכענט ביים לימוד פון רעליגיע. ווען ביים אויס־פרעגען די קינדער דעם רעליגיע־לימוד, פלעגען אַ סך נישט וויסען צו ענטפערען, האָט די לערערין מיך שטענדיג משבח געווען מיט די ווערטער: „פּאַרוואָס ווייסט זיז?״, „קינדער — פלעגט זי צוגעבען — איהר זאָלט זיך מיין פלייסען אין רעליגיע, וויל רעליגיע איז אַ הייליגע זאַך״.

איך האָב געהאַט נישט־קשה׳דיגע פעאיגקייטען צום לערנען און דערצו בין איך אויך געווען אַ פלייסיגע תלמידה. יעדעס יאָר בין איך אַריבער אין אַ העכערער אָפּטהיילונג מיט אַ גוטער אויסצייכענונג, דערביי האָב איך זיך גוט אויסגעצייכענט ביי האַנט־אַרבייטען. ווען כ׳האָב געדאַרפט אַריינטרעטען אין דער זיבעטער אָפּטהיילונג האָט מען מיך שוין געוואָלט אַרויסנעמען פון שול, כדי איך זאָל שוין אָנהויבען צו פאַרדינען, איך האָב זיך אָבער אָפּגעבעטען און פאַרבליבען ווייטער אין דער זיבעטער אָפּטהיילונג, און געענדיגט די פאָלקשולע מיט דערפאָלג.

אין דער צייט האָט מיין עלטסטע שוועסטער חתונה געהאַט און איך האָב זיך געמוזט שטעלען צו דער אַרבייט ביי דער קיך, וואָס דערפון בין איך נישט אַזוי שטאַרק צופרידען געווען, ווייל ס׳האָט זיך מיר שטאַרק געגלוסט ווייטער צו לערנען; כאָטש איך בין געווען פאַרנומען מיט שטוב־אַרבייט, האָב איך דאָך נישט ווייטער אויפגעגעבען מיין לערנען און לייענען.

גאָר באַזונדער האָב איך אַנגענעם פאַרבראַכט דעם שבת׳דיגען טאָג ביים „צאינה וראינה״. איך האָב יעדען שבת דורכגעלייענט די גאַנצע סדרה, די הפטורה און „נחלת צבי״, אָן דעם וואָלט ביי מיר קיין שבת נישט געווען.

ביי אונז אין שטוב פלעגען שבת זיך צוזאַמענקומען חבר׳טעס פון מיין שוועסטער, און פאַרברייגגען מיט געזאַנג און טענץ, און איך בין מיר געזעסען אין אַ זייט און געלייענט די סדרה. מען פלעגט זאָגען, אַז מען קען דעמאָלט די גאַנצע שטוב אַרויס׳גנב׳ענען און איך זאָל דערפון נישט וויסען, איך האָב אָבער פאָרט געפונען מיין בעסט פאַרגעניגען נאָר אין די אידישע ספרים.

ס׳האָט מיר שוין דעמאָלט וויי־געטאָן, ווען כ׳האָב געזעהן מיינע אידישע שוועסטער פירען זיך גאָר קנאַפּ אידיש און ווי זיי האָבען גאָרנישט קיין איג־טערעס פאַר אַ אידיש וואָרט. פלעג איך אַמאָל אויסמוסר׳ן אַ אידיש מיידעל, האָט זי זיך אויסגעלאַכט און מיר פאָרגעוואָרפען, אַז איך בין אַ „חסידית׳טע״, נאָר איך בין דערפון נישט נתפעל געוואָרען און ווייטער זיך נוהג געווען אויף מיין שטייגער.

אין צווישען בין איך אַ ביסעל עלטער געוואָרען, און ווען די געשעפטען ביי מיינע עלטערען זיינען נישט געגאַנגען אַזוי פויגעלדיג, האָט מען אין דער היים פון מיר פאַרלאַנגט, איך זאָל זוכען אַ פּאָסטען, אַלס צוהעלפערין אין אַ געשעפט וכדומה. איך האָב זיך נישט געקענט אָפּזאָגען פון זוכען חיונה, נאָר ווערען צוגעבונדען צו וועמען ס׳זאָל נישט זיין האָב איך זיך געשראָקען. איך האָב מורא געהאַט, אַז איך וועל נישט קענען דערפילען מיינע התחייבותן אַלס

אידיש־רעליגיעז מיידעל און האָב מיר געזוכט פאַרדינסטען צו קענען בלייבען אין דער היים, און האָב זיך אויסגעלערענט זיין אַ שטיקערען.

איין מאָל האָב איך אויפגעניייט אַ קליידעל פאַר מיינס אַ שוועסטערס אַ חברטאָרען, און דערנאָך האָט מיר געבעטען אַ צווייטע און אַ דריטע פאַר זיי צו נייען, און בין אַזוי אַרום געוואָרען אַ שניידערען, הגם איך האָב זיך דאָס פאַך נישט געלערענט. די קונים פלעגען זיין צופרידען פון מיין אַרבייט. אַ סך פלעגען זאָגען, אַז איך גיב אַריין מיין נשמה אין דער אַרבייט.

פאַר מיר איז עס ווידער געווען גאַר אַ גרויסער לימוד. ווען כ׳פלעג זעהן ביים מעסטען און פאַסען קליידער, ווי אַזוי מענטשען זענען מדקדק אויף יעדער קליינינקייט אין זייערע מלבושים, האָב איך ביי זיך געטראַכט: „ווי אַזוי זעהען עפּעס אויס זייערע נשמה־קליידער?...״

איך פלעג זיצען יעדער נאַכט ביי דער אַרבייט ביז אין די שפּעטע שעה׳ן, נאָך דער אַרבייט בין איך ווייטער געווען פאַרנומען מיט זיך... איך געדענק, אַז מיין טאַטע ז״ל האָט אַמאָל געקויפט „חק־לישראל׳ס״ מיט עברי־טייטש, האָב איך אויף מיר גענומען אַדורך צו קוקען יעדען טאָג דעם שיעור חומש, נביאים, משנה און גמרא און האָב געהאַט דערפון גרויס תענוג. חוץ דעם, האָב איך נאָך געהאַט אַ שטאַרקען אינטערעס צו אַלגעמיינע וויסענשאַפטליכע ענינים און פלעג פון צייט צו צייט באַזוכען פאָרלעזונגען אין אַ קריסטלעכען פרויען־פאַראיין.

וואָס אַן־אמת האָב איך נאָך יעדען באַזוך אין יענעם אָרט, געהאַט גרויס חרטה דאַרויף, נאָר עס איז דעמאָלט נישט געווען קיין אַנדער אָרט וואו צו הערען אַ וויסענשאַפטליכען רעפעראַט. כ׳ווייס אפילו, אַז מען קען מיך דאָ כאַפּען ביי אַ ליגען, ווייל שוין דעמאָלט האָבען עקזיסטירט אין קראָקע פאַר־שיידענע יוגענט פרויען אָרגאַניזאַציעס, נאָר ס׳וועט גענוג זיין איין מעשה צו דערציילען, כדי איהר זאָלט זיך איבערצייגען, אַז ס׳איז דאָרטען פאַר מיר קיין אָרט נישט געווען.

אין אַ געוויסען פרייטאָג קומט צו מיר מיין קוזינע, אַ שטאַרקע אָנהענגערען פון דער חברה „רות״, און פאַרבעט מיר דאָרט אַהין אויף ביינאַכט צו אַ פאַרזאַמלונג. איך האָב איר צוליב געטאָן און מיט איר מיטגעגאַנגען, אָבער ווי דערשטוינט בין איך געוואָרען זעענדיג מיט מיינע אייגענע אויגען, ווי אַן אָנפירערען פון דער חברה צינדט אָן אַ לאָמפּ. איך האָב נאָך פריער געוואוסט, אַז אָט דער פאַראיין איז נישט אַזוי פרום, נאָר אַז דאָרטען איז מען מחלל שבת בפרהסיא, האָב איך נישט געקענט אפילו חושד זיין. איך געדענק, אַז איך בין

געווען אין אַ פאַרלעגענהייט און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, בלייבען צי־אַרויסגיין, איך האָב זיך אָבער געטראַכט, אַז מסתמא דאַרף איך דאָ זיין. די „דרשה״ געדענק איך איז געווען פול מיט אַפּיקורסות און כפירה ר״ל, און דאָס האָבען אויסגעהערט מיידלעך פון חסידישע עלטערען. זייער טאַטע איז זיכער דעמאָלט געווען פאַרטאָן אין דער גמרא און די מאַמע ביים טייטש־חומש. און אויפ׳ן אָרט געדענק איך, איז ביי מיר נולד געוואָרען דער געדאַנק, אַז ווען אונזערע מיידלעך וואָלטען געהאַט אַן אייגענע סביבה וואָלט עס געקענט זיין גאָר אַנדערש...

אין תשעה־באב תרע״ד איז אויסגעבראָכען די גרויסע וועלט־שרפה, און נישט לאַנג האָט געדויערט ביז מ׳האָט געמוזט עוקר זיין און פאַרלאָזען קראָקע און גראָד מיין עמיגרירען, האָט געפירט צו דעם וואָס רופט זיך „בית יעקב״...

תרע״ה, צוזאמען מיט פיל אַנדערע האָבען מיר עמיגרירט פון קראָקע אין דעם גרויסען ווין. שוין צען וואָכען זינט מיר געפינען זיך דאָ. אַ סך צרות זענען מיר אויסגעשטאַנען. קנאַפּע צוויי וואָכען האָבען מיר זיך פשוט געוואַל־גערט איבער די גאַסען, און ס׳איז אונמעגליך געווען פאַר אונז צו באַקומען אַ דירה אין דעם אידישען קוואַרטאַל. דאָס ברויזענדע ווין האָט געקאָכט ווי־אַ קעסעל, און איז געווען פאַרפולט מיט אידישע עמיגראַנטען פון גאַנץ גאַליצ־יע, וועלכע זענען צוליב דער מלחמה־בהלה אַנטלאָפען פון זייערע ישובים.

ענדלעך איז מיר געלונגען צו באַקומען אַ וואוינונג אין זעקסטען באַצירק אַמפּערדאַמפּער־שטראַסע. דאָ האָט זיך אָבער פאַר מיר אָנגעהויבען אַ נייע זאָרג: ס׳איז נישט קיין אידישער קוואַרטאַל, אַ שעה גאַנג איז צו דער שיף־שול, און קיין אַנדערע אידישע שול, וואו צו דאַווענען איז מיר נישט באַוואוסט. וואו וועט מען דאַווענען? מיין הויז־ווירטען, זעהענדיג מיין עגמת־נפש האָט זי מיר געזאָגט אַ גוטע בשורה, אַז אין דער שטומפּער־גאַססע איז פאַראַן אַן אָרטאָדאָק־סיש בית־הכנסת. אָ, דער דאָזיגער בית־הכנסת איז געווען דאָס וויגעל פון דער היינט אַזוי פּאָפּולערער בית־יעקב באַוועגונג!...

פרייטאָג פאַרנאַכט האָב איך אַהין געטראָגען אַ סידור מיט אַ חומש, כדי אין שבת צו האָבען אין וואָס צו דאַווענען. דער שמש האָט מיר אָבער דערקלערט, אַז מיין גיין איז געווען איבעריג, וואָרום די פרויען וועלכע טראָגען נישט אין שבת באַקומען דאָ סידורים.

איך ווער באַהערשט פון אַ שמחה. הייסט עס, אַז איך געפין זיך צווישען אידען... יאָ, אויך אין ווין געפינען זיך אידען וואָס טראָגען נישט אום שבת!

שבת אין דער פרי בין איך מסתמא געגאַנגען דאַווענען אין דער שטומ־

פער־שול. פאַרן לייענען, דערזעה איך, ווי דער ראַבינער בעוויזט זיך אויף דער בימה. פאַר מיר איז דאָס געווען גאָר אַ נייעס.

— וואָס באַדייט עס — פרעג איך וועגען דעם מיין שכנ׳טע.

— היינט איז דאָך שבת חנוכה! — ענטפערט מיר יענע — און דער ראַבינער וועט האַלטען אַ דרשה מענינא דיומא!

אַ פאַרטראַכטע און צוגעשמידטע צום אָרט הער איך זיך צו צו די פלאַמענדיקע באַגייסטערטע ווערטער פונ׳ם רב.

אין זיין דרשה האָט דער רב געשילדערט די גרויסקייט און דערהאַבענקייט פון דער היסטאָרישער יהודית, און דערביי האָט ער אין אַ האַרציגער שפּראַך גערופען די היינטיגע אידישע פרויען און טעכטער נאָך צו טאָן דעם ביישפּיל פון די אַמאָליגע היסטאָרישע פרויען־העלדען.

אַ שאָד, וואָס איך האָב פאַרגעסען די געדאַנקען און שיינע אויספירונגען פון יענער דרשה, און דאָס וואָס איך געדענק נאָך יאָ, איז מיר אויך אונמעגליך מיט מיין אָרימער פעדער אויפן פּאַפּיר אַרויסצוגעבען.

איינס קאָן איך בלויז נישט פאַרגעסען: בשעת איך האָב זיך איינגעהערט אין דער גייסטרייכער שילדערונג וועגען דער „יהודית״־פּערזענליכקייט, האָב איך מיר געטראַכט: אַך, וואו נעמט מען דאָ אַהער אַלע קראָקעווער אידישע פרויען און מיידלעך, אַז זיי זאָלען הערען ווער מיר זענען און פון וועמען מיר שטאַמען.

איך האָב תיכף געפילט, אַז דער הויפּט־חסרון איז וואָס אונזערע שוועסטער ווייסען אַזוי ווייניג וועגען אונזער פאַרגאַנגענהייט און דאָס פאַרפרעמדט זיי פון אונזער פאָלק און זיינע טראַדיציעס. וואָלטען זיי געקענט אונזער מאַרטירער־געשיכטע, געהאַט אַ שטיקעל השגה וועגען די העלדישקייטען פון אונזערע גרויסע מענער און פרויען — וואָלט עס גאַנץ אַנדערש געווען.

שפּעטער האָב איך אָבער געזען, אַז יעצט ווען די גאַנצע וועלט שטייט אין פלאַמען פון דער גרויזאַמער מלחמה, ס׳בושעוועט דאָס פייער פון מענטש־לעכער שנאה און דאָס אידישע פאָלק באָדט זיך ממש אין אַ ים פון צרות און פורעניות, איז ליידער נישט קיין זמן צו קלערען וועגען דער צוקונפט.

אין מיין מחשבה זענען אין יענעם מאָמענט נולד געוואָרען פאַרשידענע פּלענער, גרויסע גראַנדיעזע אויפטוען. די השגחה האָט אָבער געוואָלט, אַז דאָס זאָל מוזען געדויערען. די בלוטיגע מלחמה־וואונדען האָבען נאָך אין זייער גאַנצער שאַרף געוויטאָגט...

בין איך טאַקע שוין באמת די לעצטע נאַכט אין ווין? צי וועל איך מאָרגען צוריק זיין אין קראָקע און קענען צוטרעטען מיינע פּלענער צו פאַרווירקליכען? אפשר האַלט איך שוין נאָענט ביים ציל?

זינט דעם ערשטען פאַרטראַג פון הרב פלעש בין איך געוואָרען אַן אָפּטער גאַסט אין דער שול אויף דער שטומפּער גאַס. איך האָב אויף קיין שום שטערונג נישט געקוקט. עס האָט געמעגט זיין דאָס ערגסטע וועטער, עס האָבען געקענט פאַרקומען די שרעקליכסטע מהומות, וואָס פלעגען זיך אָפט טרעפען אין דער מלחמה־צייט. איך בין געוואָרען אַ שטענדיגע צוהערערין פון הרב פלעש׳ס שעורים פון חומש, תהלים, פרק און זיינע טיפזיניקע פאַרטראַגען איבער די פאַרשידענסטע פּראָבלעמען. וואָס מער, אַלץ ווייטער האָט אין מיין מוח געעגבערט די פראַגע: ווי קומען דאָ אַמאָל אַהער די אידישע מיידלעך פון פוילען, דאָס אַלץ צו הערען, דאָס אַלץ צו וויסען?...

דער זייגער שטייט נישט אויף איין אָרט. מיינע מחשבות באוועגען זיך צוזאַמען מיטן צייט־לויף און מיין האַרץ קלאַפּט ווי אין פיבער: ווי אַזוי וועט מען אין קראָקע אויפנעמען מיין געדאַנק צו שאַפען אַ דערציאונגס־היים אין רעליגיעזען גייסט פאַר דער אידישער טאָכטער.

איך ווייס פריער, ווי קראָקע וועט מקבל־פּנים זיין דעם דאָזיגען געדאַנק. וואָס — וועט מען מיך פרעגען — אין צוואַנציקסטען יאָר־הונדערט ווילסטו צוריק פירען די אידישע טעכטער צו פרומקייט און אידישקייט?

אין דער זעלבער צייט רופט אָבער צו מיר אַ געהיימע שטים: „דו מוזסט פאַרווירקליכען דעם אידעאַל צו שאַפען אַ רעליגיעזע טעכטער־שול, כדי צו ראַטעווען דאָס אידישע פרויען־דור פאַר׳ן גייסט פון ישראל סבא“.

איך האָב מיך דעריבער פאַרגעברייט צוזאמען־צו־רופען, אַזוי ווי איך וועל אַ היים קומען אַ פאַרזאַמלונג פון אידישע פרויען, און פאַר זיי מיין פּלאַן פאַרלייגען. דאָ האָט מיך געמונטערט דער מאַמר פון אונזערע חכמים: „כל כנסיה שהיא לשם שמים סופה להתקיים“.

אויף דער רייזע פון ווין קיין קראָקע בין איך אַלץ געווען פאַרנומען מיטן צוגרייטען דעם פּלאַן פאַר דער קומענדיגער אַרבייט.

---

סוף חודש אָב תרע״ה. שוין צוויי וואָכען, ווי כ׳בין צוריק אין מיין אַלטער היים־שטאָט קראָקע, און במשך דער דאָזיגער צייט איז מיר שוין עפּעס געלונגען.

באַלד אין דעם ערשטען טאָג פון מיין אָנקומען קיין קראָקע האָב איך מיינע פלענער רעפעריגט פאַר אַ באַקאַנטען קרייז רעליגיעזע פרויען, פאַר־שטייט זיך די פרומסטע פון שטאָט. זיי האָבען מיט גרויס שמחה מיין געדאַנק אויפגענומען. נישט לייכט איז מיר אויך אָנגעקומען אויסצוגעפינען אַ לאָקאַל פאַר דער פאַרזאַמלונג. ערשט נאָך שווערע באַמיאונגען איז מיר געלונגען די ערשטע פאַרזאַמלונג צוזאַמען־צו־ברענגען אין לאָקאַל פון קראָקעווער יתומים־פאַראיין.

נייע זאָרגען זענען אָבער ווידער אַנטשטאַנען.

אמת, די עלטערע פרויען זענען באַגייסטערט פון מיינע פלענער, אָבער די יוגענט, די צוקונפטיגע מוטער פון ישראל, וואָס וועלען זיי דערצו זאָגען? צי וועלען זיי נישט אויסלאַכען מיך מיט מיינע פלענער צוזאַמען?

פונדעסטוועגען בין איך גאָרנישט געפאַלען ביי זיך, און באַלד אויף שבת אַרויסגעטראָטען מיט אַ פאָרטראָג פאַר אַ פאַרזאַמלונג ביז פערציג מיידלעך. דער פאָרטראָג איז געווען געווידמעט פרקי אבות און דער הויפט־געדאַנק איז געווען, פאַרוואָס דאָס פרק לערנען איז באַשטימט געוואָרען אויף די זומערדיגע שבתים. ווען איך האָב דערקלערט דעם מאמר „ועשו סיג לתורה”, האָב איך אָנגעוויזען דערויף, אַז די תורה קען מען פאַרגלייכען צו א שיינעם גאָרטען, אין וועלכען ס'וואַקסען די הערלעכסטע בלומען און געשמאַקסטע פירות. אַז דער גאָרטען זאָל נישט האָבען קיין צוים אַרום, קאָנען דאָך שלעכטע מענטשען און ווילדע חיות פאַרניכטען אַלץ וואָס דערינען איז פאַראַנען. אַזוי האָבען אויך אונזערע הייליגע חכמים געמאַכט אַ צוים אַרום דער תורה. מיר ווייסען, למשל, אַז פאַר חילול שבת קומט טויט־שטראָף (מחלליה מות יומת) זענען געקומען די חכמים און האָבען געמאַכט סיגים און גדרים, כדי נישט צו צו־קומען צום חלול שבת. אַזוי זענען פאַראַן די איסורים פון מוקצה, און די אַלע זאַכען מיט וועלכע ס'ווערט געטאָן אַ מלאכה טאָרען אום שבת נישט גענומען ווערען אין דער האַנט אריין.

איך האָב געפילט, ווי אַ גרויסער טייל פון די אָנוועזענדע האָבען מיך אָנגעקוקט מיט דערשטוינונג און פאַרוואונדערונג. וו־אָ־אָ־ס? צו דעם האָט מען אונז דאָ אַהער גערופען? ביי אַ סך האָט זיך באַוויזען אַן איראָנישער שמייכעל אויף די ליפען און אַן אַ גוטען תמיד זענען זיי בעלם געוואָרען.

אַזוי קאַלט, כמעט מיט גרינגשעצונג איז אויפגענומען געוואָרען מיין ערשטער פאָרטראָג. איך האָב זיך ערשט איבערצייגט ווי קאָלאָסאַל שווער ס'וועט מיר אָנקומען מיין אַרבייט ווייטער צו פירען.

איך האָב זיך אָבער פריש אָנגעגורט, פאַרשטאַרקט ביי מיר דעם פעסטען באַשלוס, פון מיין אידעאַל נישט צו רעזיגנירען...

---

ווידער זענען אַוועק עטלעכע חדשים נאָך מיין ערשטען פאָרטראָג פאַר די קראָקעווער מיידלעך, און עס האָט זיך ווייטער גאָרנישט גערירט. איך בין אָבער נישט געווען פאַרצווייפעלט. אָט זענען אונטערגעקומען די ימים נוראים און באַלד טאַקע דער הייליגסטער טאָג פון יאָר, יום כפור.

עפּעס האָב איך מיך אין יענעם ערב יום־כפור געפילט מער באַרוישט און צוטראָגען ווי אַן־אַנדער מאָל. עס האָבען פאַר מיינע אויגען געשוועבט אַמאָליקע געשיכטלעכע בילדער, ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען, דער כהן גדול האָט געטאָן די עבודה, אַוועק געשיקט דעם שעיר לעזאזל אין דער מדבר אריין, און דעם סימן, וואָס אידען האָבען דעמאָלט געהאַט, אַז גאָט האָט מוחל געווען די זינד, בעת דער פאָדים איז ווייס געוואָרען...

דער כהן גדול, די עבודה, די גאַנצע גלאַנץ און פראַכט פון ישראל אין יענע צייטען — און היינט? נישטאָ דער בית המקדש, פאַרשוואונדען איז די הערלעכקייט, די קדושה אָפּגעטאָן, אַלץ איז פון אונז געוואָרען אַוועק גענומען!

און מיט וואָס זאָל מען עס היינט ערזעצען? וואו זענען די הערצער פון די בני ישראל, וועלכע זאָלען מיט זייער תפלה ועבודה שבלב, קענען מקיים זיין די אַמאָליקע עבודה פון בית המקדש?

היינט הערן גאָר אויף די אידישע קינדער, בפרט די אידישע טעכטער, אין גאַנצען צו דאַווענען און קומען זיי שוין יאָ אַמאָל אין שול אַריין, איז עס נישט מער ווי אַ רגילות, דאָס האַרץ און נשמה פעלען דערביי!... אונזערע טעכטער קענען נישט זייער געשיכטע, ווייסען גאָרנישט וועגען גרויסקייט פון זייער פאָלק, פאַרשטעהן נישט די אידישע טיפע און האַרציגע תפלות, קען דען ווייטער אַזוי בלייבען!

דעם גאַנצען טאָג אַזוי ביז כל־נדרי אין שול, האָבען מיך די מחשבות נישט געלאָזט רוהען און איך בין אַלץ צוריק געקומען אויפ'ן זעלבען רעיון: מיר מוזען אונזערע שוועסטער די אויגען זייערע עפענען, צו זעהן דאָס גרויסע ליכט פון ישראל! וואָס מיר ספקות, ווער מיר שטערונגען! וואָס אַרט דאָס מיר, אַז אַ סך שמייכלען און מאַכען חוזק פון מיין גאַנצען פּלאַן! אַז דאָס פאַרפרוי־רענע אייז וועט זיך נאָר אַ ריר טאָן, וועלען זיי גאַנץ אַנדערש אָנהויבען קוקען אויף מיר! און צוריק געשמועסט, וואָסערע ראָל שפּילט דאָ מיין פּערזענליכער

כבוד? אַז די כוונה איז אמת׳דיג און דער ציל איז ערלעך וועט עס דאָך מוזען דערגרייכט ווערען!

אַז דער חזן האָט אויסגעלאָזט דעם יום־כפור׳דיגען מעריב מיטן „קוה אל ד׳ חזק ויאמץ לבך”, האָבען די ווערטער אין מיין נשמה אָנגעגליט אַ פייער־דיגען בטחון, און פאַרשטאַרקט איז עס געוואָרען, ווען די משוררים האָבען אויף דער העכסטער שטימע פארענדיקט „אדון עולם” מיטן אויסגעשריי „ד׳ לי לא איראו!”.

---

אַ טרויעריגע בשורה האָט דער היינטיגער טאָג געבראַכט פאַר גאַנץ עסטרייך: דער קייזער פראַנץ יאָזעף איז געשטאָרבען.

יאָ, אויך אַ קייזער, אַפילו דער מעכטיגסטער הערשער פון אַ מלוכה שטאַרבט...

ווען אַלע מלכים און שרים וואָלטען דאָס תמיד געדענקט, וואָלטען זיי זיך אַנדערש געפירט מיט לענדער און פעלקער. אַביסעל וויניגער אַכזריות און מעהר מענטשען־ליבע וואָלט זיך אין זייערע הערצער געפונען...

עס קומט מיר אויפען געדאַנק אַ מדרש פון אונזערע חכמים: בשעת דוד המלך פלעגט יעדער האַלבער נאַכט זיך אויפכאַפּען פון שלאָף און גיין תורה לערנען, פלעגט דער יצר הרע מיט אים אַזוי איינטענה׳ן: „אלע מלכים פון דער וועלט שלאָפען ביזן האַלבען טאָג און דו שטייסט אויף אין האַלבער נאַכט!” אויף דעם ענטפערט אים דוד המלך: „איך געה דאָך אין טעאַטער אַריין!” טראַכט ביי זיך דער יצר הרע: „יאָ, אין טעאטער מעג ער זיך גיין”. ווען דוד איז געקומען אין בית המדרש אַריין זאָגט ער צו זיך אַליין: „איז דען נישט דאָס גאַנצע ערדישע לעבען ענלעך צו אַ טעאַטער? יעדער איינער שפּילט זיך אָפּ זיין ראָל: דער קעניג מיט זיין גאָלדינער רוט ווי דער אָרימאַן מיט זיין שוואַך שטעקעלע. און ענדיגט זיך דאָס לעבען־שפּיל פאַלט דער פאָרהאַנג פאַר אַלעמען גלייך. די זעלבע ערד דעקט צו דעם רייכען קעניג מיטן אָרימען בעטלער. דאַגעגען פאַר דעם, וואָס נעמט מיט זיך מיט מצוות און מעשים טובים, עפענט זיך אַ נייע אייביגע וועלט”...

אַזוי האָט געדענקט דער מלך ישראל, אויף וועלכען ס׳איז געזאָגט געוואָרען: דוד מלך ישראל חי וקים!

אין צווישען זענען דערווייל אַוועק טעג און וואָכען און מיין אידעאַל האָט זיך איינציג־ווייז אָנגעהויבען פאַרווירקליכען. מיין ניי־געגרינדעטער

פאַראיין פאַר מיידלעך הויבט זיך אָן וואָס מעהר צו ענטוויקלען. איך האָב אויך געשאַפען אַ ביבליאָטעק און אַראָפּ געבראַכט לייען־ביכער פון פראַנקפורט: הירש׳ס, לעמאַן׳ס וכדומה.

אָן איינציגער געדאַנק האָט אָבער מיין מוח תמיד שטאַרק באַשעפטיגט: צי וועט מיין אַרבייט נושא פירות זיין? איז דען צו גלויבען, אַז ביי עלטערע מיידלעך, וואָס יעדערע איינע פון זיי האָט שוין כמעט אַן אייגענע לעבענס־אנשויאונג זאָל עפּעס געלונגען אויפצוטאָן?

פונדעסטוועגען האָב איך מיין אַרבייט ווייטער בשלימות געטאָן. די חבירות פון דער אָרגאַניזאַציע האָבען אַרויסגעוויזען אַן אינטערעס צו דער זאַך. די נייע אָרגאַניזאַציע האָט אויך געפונען אַן אָפּקלאַנג אין קראָקע.

---

פון דעם ניי־געגרינדעטען אָרטאָדאָקסישען מיידעל־פאַראיין בין איך, וואָס אַן־אמת נישט איבעריג געווען צופרידען. די פעולות פון נייען פאַרבאַנד זענען געווען אפילו גאַנץ גוטע, די חבירות האָבען מיט התלהבות זיך צוגעהערט צו מיינע פאָרטראַגען, און זיך זייער פאַראינטערעסירט מיט די געדאַנקען און אידעען, וואָס איך פלעג זיי דערקלערען. איך האָב מיר מיין אַרבייט ביים נייען געשטערט, אַוועק געוואָרפען די נאָדעל, אָפּגעשטעלט די מאַשין און תמיד מיין צייט דעם פאַראיין געשאָנקען, אָבער כאָטש דער דערפאָלג איז געווען אַ גענוגענדער, בין איך אַליין געבליבען נישט אין גאַנצען צופרידען.

עס האָט דאָרט געפעלט דער עיקר, דער עיקר העיקרים, צו וועלכען מיין האַרץ האָט אַזוי שטאַרק און טיף געשטרעבט. דער הויפּט־ציל אונזערער איז דאָך לשמור ולעשות, אַז דאָס וואָס מען לערענט מוז מען אויך מקיים זיין!

יאָ, זיי זענען געווען באַגייסטערט פון אַ שיינער רעדע, אַנטציקט פון אַ גרויסען געדאַנק, גערירט געוואָרען פון אַ פּאָעטישער שטעל אין תנ״ך, אָבער דאָך זיך אַלץ נישט געקענט אונטערוואַרפען דעם אידישען דין און מקיים זיין די אידישע מצוות. נישט קיין וואונדער: דער רוב פון די חבירות זענען שוין געווען דערוואַקסענע מיידלעך, און עס איז נישט לייכט געווען זיי צו באַוועגען אָנצוהויבען אַ ניי עכט אידיש לעבן, מיט זיינע מנהגים און טראַדיציעס.

מיין געדאַנקען־גאַנג האָט זיך דעריבער געקערעוועט אויף אַן אַנדערען וועג. מען דאַרף אָנהויבען ביי קינדער, אַ יונג בוימעלע לאָזט זיך בייגען. נאָר מיט קליינע קינדער וועט זיך בשלימות איינגעבען מיין אידעאַל.

מען מוז שאַפען רעליגיעזע מיידעל־שולען, אמת אידישע, וואו דער

דערציאונגס־גייסט זאָל זיין אין הסכם מיט די אנשויאונגען פון ישראל סבא. דערפאר האָב איך זיך געטראַכט, טאָר גאָרנישט זיין צו־טייער, און צו־שווער. עס לעבט נאָך ב״ה אַ רעליגיעז אידענטום, וואָס מען דאַרף עס דערמאָנען דעם עיקר, וואָס זיי האָבען פאַרגעסען: אין זייער פליכט צום יונגען דור. מען דאַרף עס אַזוי לאַנג דערמאָנען, אַזוי לאַנג נישט רוהען, ביז דאָס באַוואוסטזיין וועט ווייט און ברייט אַריינדרינגען, אַז אויך אונזערע יונגע מיידלעך דאַרפען עפּעס און אפשר גאָר אַ סך וויסען פון אונזערע גייסטיגע אוצרות. און ווען זיי וועט שוין נישט פרעמד זיין דער למוד היהדות וועלען זיי באַשטימט שפּעטער ווערען די שטאָלצע טרעגער פון די אייביגע אידישע אידעען.

„וואַרף אַוועק די מאַשין, זאָג זיך אָפּ פון דיין שניידער־פאַך צו נייען קליידער פאַר׳ן גוף, און נעם דיך בעסער נייען און שטיקעווען מלבושים פאַר דער נשמה, פאַר דער אידישער נשמה, אַז זי זאָל זיין געשיצט פון די אַפּיקורסי־שע פיילען!״ — אַזאַ געדאַנק האָט מיך געיאָגט צו דער ווייטערדיקער אַרבייט. צונויפזאַמלען קליינע קינדער און זיי אָנהויבען צו־ערשט צו באַקענען מיטן „שמע ישראל״...

---

אַז מיין פּלאַן צו גרינדען אַ רעליגיעזע מיידעל־שול איז שוין פונ׳ם געדאַנק נישט מער אַרויס, האָב איך זיך נאָך געפּרואווט אַן עצה צו האַלטען מיט מיין ברודער, וואָס האָט דעמאָלט געוואוינט אין פּעטשליו (טשעכען).

אין דעם ערשטען ענטפער זיינעם האָט ער מיך אויסגעלאַכט: „צו וואָס טויג דיר זיך אַרומשלאָגען מיט פּאַרטייען?״ ווען איך האָב אים דערויף געענט־פערט, אַז איך בין פעסט באַשלאָסען ביי זיך, פון דעם ציל נישט צו רעזיגנירען, האָט ער מיר געשריבען: „נו, קום קיין מאַרינבאַד, דאָ וואוינט יעצט דער בעלזער רב, זצ״ל, (דעם היינטיקען בעלזער רב׳ס פאָטער), וועלען מיר הערען, צי דער צדיק הדור וועט דאַרויף מסכים זיין!״.

צו מיין פרייד איז קיין שיעור נישט געווען, הגם מיין געלט־בייטעל איז געווען זייער בצמצום, האָב איך דאָך אין דער גרעסטער איילעניש זיך געגרייט אויף דער רייזע. ווען איך בין אָנגעקומען קיין מאַרינבאַד, בין איך גלייך מיט מיין ברודער אַוועק צום בעלזער רב זצ״ל. מיין ברודער, וועלכער איז דאָרט געווען אַ בן־בית האָט אין זיין קוויטעל צום רבין געשריבען: „...זי וויל מדריך זיין די אידישע טעכטער אין אידישען וועג״. פונ׳ם צדיקס הייליגען מויל האָב איך אַליין געהערט די ווערטער: „ברכה והצלחה״, וועלכע האָבען אויף מיר געווירקט ווי דער טייערסטער באַלזאַם־אויל און אַריינגעגעבען פרישען

מוט אין אַלע מיינע איברים. די ברכה פון גרויסען צדיק האָט מיר געגעבען די בעסטע האָפענונגען, אַז מיינע שטרעבונגען וועלען מקוים ווערען.

---

מרחשון תרע״ח. ענדלעך, ענדלעך, דערגרייכט דעם ציל! איך זיץ שוין יעצט אין מיין אייגענעם שול צימער, ווער קאָן מיינע געפילען פאַרשטיין? ווער קאָן זיך היינט גלייכען צו מיר?

ווער האָט נישט געזעהן די שטראַלענדע פנימלעך פון מיינע קינדער! ווי געפינקעלט זייערע אויגעלעך האָבן, בשעת איך האָב זיי וועגען דעם באַדייט פון אַ ברכה געזאָגט. מיט פרייד האָבען זיי זיך געפרעגט: וועלען מיר מאָרגען אויך אַזעלכע שיינע זאַכען הערען!...

פינף־און־צוואנציק זענען זיי בסך־הכל דאָ, מיינסטענס קינדער, פאַר וועלכע כ׳האָב קליידלעך געניי׳ט און יעצט האָב איך געזאָגט צו די מוטערס: וועט איהר מיר אויך דערלויבען פאַר זיי גייסטיגע מלבושים צו נייען?..

פינף־און־צוואנציק קינדערלעך, פינף־און־צוואנציק נשמה׳לעך האָט מען מיר איבערגעגעבען צו באַלעבען. אַ קליין שטיבעל האָב איך, אַלטע בענק, קיין טאָוועל נאָך צומאָל נישטאָ. מיין האַרץ ווערט אָבער ביי דעם אָרימקייט אויך אויפגעציטערט פאַר פרייד, דאָ איז מיין מקום פאַר גייסטיגער אַרבייט.

---

י״א כסלו. די שול פאַרגרעסערט זיך פון טאָג צו טאָג. מיינע חלומות ווערען מקוים. ס׳איז שוין דאָ ב״ה פערציק קינדער. אַלע שווערעקייטען ווערען עפּעס ווי מיט דער האַנט אַוועק גענומען. שוין, דאַכט זיך, אַדורכגעקומען דעם „כל התחלות קשות״.

די קינדער, באמת גוט מאַטעריאַל. די אמתע תינוקות שלא טעמו טעם חטא. ס׳איז אינטערעסאַנט צו זעהן מיט וואָסער זריזות זיי קומען אין דער שול, וואו זיי הערען יעדען טאָג גאָר פרישע זאַכען, זיי ווייסען שוין, אַז נישט בלויז עסען און טרינקען איז דער ציל פון לעבען. זיי ווייסען אויך, אַז נאָר ווען מען דינט מיט אמת׳ער באַגייסטערונג דעם באַשעפער, קאָן מען פירען אַ גליקלעך לעבען.

איך בין מיט מיין אַרבייט אַזוי באַשעפטיגט, אַז קיין שום אַנדערע זאַך עקזיסטירט גאָרנישט פאַר מיר. איך באַמערק נישט ווי די שעה׳ן, טעג און וואָכען לויפען. איך האָב נישט קיין צייט צומאָל זיך רעכט אויסצורוהען.

און נאָך איינס פרייט מיך: איך בין נישט אליין. צוויי מענטשען, וועמענס נעמען ס׳זענען ווערט פאַרצייכענט צו ווערען לזכרון, האָבען אויך איינגעזעהן די גרויסע וויכטיגקייט פון דער שול און העלפען מיר צו, וויפעל זיי קענען.

די ערשטע איז געווען די יונגע רבנית האַלבערשטאַם אַן אייניקעל פון „דברי חיים״ זצ״ל פון סאַנדז. זי האָט מיט אַן אונגעוויינליכען אייפער זיך גענומען קינדער אין מיין שול אַריין צו שאַפען, איבערצייגט די עלטערען און געשענקט מיר יעדע פרייע מינוט פון איהר ווירטשאַפט.

דער צווייטער איז הער מ. לוקסנבערג, אַ פאָטער פון אַ שילערין, וועלכער דערוויסענדיג זיך דעם ציל פון דער שול האָט זיך גענומען מיט אַלע כוחות צו העלפען און ווייסט נישט פון קיין רוה. מיר איז זייער אונאַנגענעם, וואָס צוליב דעם איז ער מבטל אַ פאָר שעה אין טאָג פון זיין תורה לערנען, אָבער איך טרייסט מיך, אַז טעכטער דערציאונג איז דאָך אַזאַ וויכטיג און ברענענד פראָבלעם, אַז עס אונטערליגט זיכער דעם „עת לעשות לד׳ — הפרו תורתך״.

כ׳האָב נישט קיין צייט און געדולד אפילו די פאָר שורות אַריינצושרייבען אין מיין טאָג־בוך... כ׳ווייס נישט, צי כ׳וועל אַזוי שנעל ווידער נעמען די פעדער אין דער האַנט אַריין. די אַרבייט האָט זיך ערשט אָנגעהויבען, און ביז זי וועט נישט אַרויף אויפן ריכטיגען וועג וועל איך נישט געפינען קיין מנוחה און רוה...



# בית־יעקב
# און בנות אגודת ישראל

---

## דער ציל פון די בית־יעקב שולן

### א׳

איך מיין, אַז היינט ווייסט שוין יעדער, אַז דער איינציגער ציל פון די „בית יעקב״־שולן איז צו דערציען די אידישע טעכטער, ווי אַזוי מיטן גאַנצען כוח, ביזן לעצטען אָטעם, צו דינען דעם באַשעפער און מיט ערנסטער באַגייס־טערונג זיינע תורה־געבאָטען צו דערפילען. זיי זאָלען וויסען, אַז זיי זענען קינדער פון אַ פאָלק, וואָס זיין קיום שטיצט זיך נישט בלויז אויפן אייגענעם לאַנד, ווי ביי אַנדערע פעלקער, וועלכע זענען מיט זייער ערד ענג פאַרבונדען, נאָר אויף זיין איינציגען הייליגען אידעאַל, די תורה, וואָס נאָר דורך איהר און צוליב איהר איז עס אַ פאָלק געוואָרען, און דערפאַר, וואָס זיינע זין און טעכטער האָבען די תורה פאַרלאָזט און נישט געהיטען איהרע מצוות — האָבען זיי אויך פאַרלוירען דאָס הייליגע לאַנד, ארץ ישראל.

אין וואָס באַשטייט דאָס דער כוח פון דער תורה, פאַר וועלכער מיר האָבען אַזויפיל קרבנות געבראַכט אין אַלע צייטען?

זעט! אונזער תורה איז נישט קיין רעליגיע ווי אַלע אַנדערע, זי איז נישט אַ גאָטעס־דינסטלעכע אַנשטאַלט, וואָס זאַמעלט איהרע אָנהענגער אין אויסגעקליבענע טעג, זי איז נישט נאָר אַ באַשעפטיגונג פאַר אַ פאָר דינער און אויסדערוויילטע.

אונזער תורה איז אַ געזעץ, נישט פון אַ מענטשליכען מוח אויסגעקלערט — נאָר אַן אש־דת געגעבען פון דעם איינציגען באַשעפער, וואָס טוט דעם איד׳ס נשמה באַלעבען, זיין האַרץ אויפוועקען און אין יעדער רגע פון זיין לעבען דערמאָנט זי גאָטס געזעצען געטריי צו בלייבען און מיט איהר צו זיין אדורכגעדרונגען.

די תורה איז פאַרפליכטענד פאַר יעדערען: פאַרן יחיד ווי פאַרן כלל, כהן ווי ישראל, געלערענטען און פּראָסטען, שופט צי בעל־מלאכה, פאַרן נביא ווי געמיינעם מאַן.

איהרע מצוות דאַרף מען מקיים זיין סיי אין שטוב סיי אין פעלד, הן אין פּריוואַטען הן אין געזעלשאַפטלעכען לעבען, אין בית המקדש ווי אויף דער גאַס, אין געשעפט און אין ווערקשטאַט.

זי עפענט די אויגען צו זעהן די געטליכע קראַפט אין דער נאַטור, די השגחה אין דעם גאַנג פון דער געשיכטע. זי לערענט אונז צו פאַרשטיין דאָס אָרט, וועלכעס מיר פאַרנעמען צווישען פעלקער. די תורה פאָדערט פון אונז „והיו הדברים האלה על לבבך״ — מיר זאָלען איהרע אידעאַלען פאַרשפּרייטען אויף דער וועלט, „ושננתם לבניך״ — לערנען זיי מיט אונזערע קינדער, „בשבתך בביתך, ובלכתך בדרך״ — סיי ווען מיר זיצען אין שטוב, סיי מיר זענען אויפן וועג, צי מיר שלאָפען, צי מיר וואכען אויף פון שלאָף. זי דאַרף זיין די איינציגע ריכט־ליניע אין אונזער גאַנצער לעבענס־פירונג, די קרוין פון קאָפּ, דאָס מאָטאָ פון אונזער הויזליכען און עפענטליכען לעבען — „על מזוזות ביתך ובשעריך״.

זעהט, אידישע פרויען און טעכטער! טויזענטער יאָרען האָט דאָס אידישע פאָלק מיט דער תורה געלעבט. מיליאָנען גרויסע מענער און פרויען האָבען זייערע אַלע געפיהלען, באַגריפען און השקפות אויף אַלץ אין לעבען פון דעם דאָזיגען אש־דת גענומען. דער נאַציאָנאַלער אוצר, פאַר וועלכען מיר האָבען פון תמיד אָן געאַרבייט איז געווען: תלמוד־תורה.

די „בית יעקב״־שולן האָבען דעם ציל די תורה צווישען דעם ווייבליכען מין צו דערהאַלטען און מיט איהר תוכן אונזערע טעכטער צו באַגייסטערען.

נישט בלויז מיטן בויען פּרעקטיגע שולן, אָדער זאַמלען זיינע ביבליאָטעקען — ווערט דאָס אש־דת זיין תכלית דערגרייכען. ניין! ווען מען וועט די הייליגע תורה לערנען, זי פאַרשפּרייטען, איהר פייער צופלאַקערען און די הערצער מיט איהר דערוואַרעמען — דעמאָלט וועט די תורה אַ לעבענס־געזעץ פאַרבלייבען!

און דאָס, מיין איך קאָן דערגרייכט ווערען, נאָר דורך שולן, עכט־אידישע טעכטער־שולן.

איך וואָלט פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף געגאַנגען און בקולי קולות געשריגען: אידען! ווי לאַנג וועט איהר נאָך אַזוי שטיין מיט פאַרלייגטע הענט און זיך גלייכגילטיג צוקוקען צום חורבן פון אייערע הייזער? ווי קאָנט

איהר צוזען, אַז אייערע טעכטער זאָלען זיצען שבת־קודש ביי אייערע טישען אין חוצפה'דיגע קליידער און זיין פאַרטיפט אין פרעמדע ביכער?...

איהר אידישע מאַמעס! ווי קענט איהר אַזוי קאַלטבלוטיג זיך צוקוקען ווי פון טאָג צו טאָג, פון שעה צו שעה, ווערען די הערצער פון אייערע טעכטער וואָס מעהר דערווייטערט און פאַרפרעמדט פון אייך?.. און ווערט איהר דען אַליין נישט מיטגעריסען מיט זיי?..

נאָר שולן, אמת'ע אידישע טעכטער־שולן, אין וועלכע מען וועט אייערע טעכטער באַלד אין די קינדער־יאָרען באַגייסטערען פאַר דער אידישער אמונה — איז די איינציגע רעטונג!

איך וויס, אַז זייער שווער וועט ביי די היינטיגע באַדינגונגען אָנקומען דאָס שאַפען די שולן, בפרט ווען די לאָקאַל־פראַגע שטייט ווי אַ שטן אין וועג, ביי אַ גוטען און פעסטען ווילען קאָן מען אָבער אַלע שוועריגקייטען באַזייטיקען.

נעמט אייך אַלס ביישפּיל די קראָקעווער „בית יעקב״־שול: אין יאָר תרע״ז האָב איך, ווי אויף אַ געלעכטער, געגרינדעט די שול אין אַ צימערעל דלת על דלת. מיט צוויי יאָר שפּעטער ווען די אגודה האָט זי אָפּיציעל איבער־גענומען האָבען שוין אין דער שול געלערענט 280 קינדער. היינט (תשרי תרפ״ד) האָבען מיר ב״ה שוין אַ גאַנץ שיינעם בנין פון אַכט גרויסע צימערען מיט פולער איינריכטונג און אויך פאַך־קורסען, ס'לערנען ביז טויזענט שי־לערינס (כ״י).

אונזער פעלער באשטייט שוין פון לאַנג דערין, וואָס מיט חינוך הבנים פאַראינטערעסירט מען זיך שטאַרק און מיט חינוך הבנות — כמעט גאָרנישט.

אמת, אַ סך אַגודות האָבען שוין דעם ביישפּיל נאָכגעטאָן און געגרינדעט „בית יעקב״־שולן. אין הונדערטער שטעט ווערט נאָך אָבער, ליידער, אויף דעם געביט גאָרנישט געטאָן.

דערוואַכט, מיינע ליבע שוועסטער, ווייזט אַרויס אייער ערנסטען ווילען פאַר דער גרויסער אויפגאַבע פון אונזער איצטיקער היסטאָרישער שעה!

## ב'

**איך** האָב שוין איינמאָל דערמאָנט דעם פּסוק פון דער הייליגער תורה „ושננתם לבניך ודברת בם״. יעדער אידישער פאָטער און מוטער, וואָס זאָגען צוויי מאָל טעגלעך דעם פּסוק דאַרפען מיט איהם אויך זיין אַדורכגעדרונגען. די געטליכע שטים באַוועגט דאָס אידישע פאָטער־האַרץ צום רוף: „זה חלקי

מכל עמלי״ — דאָס איז ס׳איינציגע פאַרבליבען פון אַלע מיינע באַמיאונגען. אַז מיינע נאָכפאָלגער וועלען זיין אידיש, געטריי זייער באַשעפער, דעמאָלט וועט מיין נאָמען בלייבען אומפאַרגעסליך און מיין לעבען וועט האָבען אַ תכלית.

מיט דעם געדאַנק האָבען אויך געלעבט אונזערע עלטערען און אור־על־טערען. מיט פרייד האָבען זיי אָפּגעגעבען ג־ט זייערע נשמות, זייענדיג זיכער, אַז זייערע ווייטערדיגע דורות וועלען נישט באַשמוצען זייערע נעמען, מיטן אָפּטרעטען חלילה פונ׳ם דרך הישר.

כ׳וועל נישט רעדען פון די גאָר פאַרגאַנגענע צייטען, ווען אַ רבי עקיבא האָט צו 40 יאָר זיין פאַסטוך־שטעקען צובראָכען און איז געוואָרען דער גרעסטער גייסטיגער מנהיג ביי אידען; צי גאָר פון די שפּעטערדיגע גאָלדענע צייטען, ווען ס׳האָט געלעבט אַ רבינו הקדוש, רבינא, רב אשי, פון וועמענס ישיבות ס׳זענען אַרויסגעקומען די גרעסטע אידישע גייסטער, און אויך נישט פון די נאָך שפּעטערע צייטען, אין וועלכע ס׳האָבען געלעבט און געווירקט: אַלפסי, רש״י, אבן עזרא, רמב״ם, רמב״ן, רשב״א, רא״ש, אברבנאל און אַנדערע גרעסערע מענער, וואָס זייערע נעמען גלאַנצען נאָך היינט אין דער געשיכטע.

מיר וועלען וואַרפען אונזער בליק אויפן פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט: צי זויינט דען נישט דאָס האַרץ פון יעדען פרומען אידען אויף דעם ריזען־שאָדען, וואָס דער לימוד התורה האָט געליטען, זינט מ׳האָט פאַר דער יוגענט די געטא־טויערען געעפענט און דערמיט אויך מתיר געווען דעם אריינטריט אין וועלטליכע שולן?

דאַרפען מיר דען נישט אויפן גרעסטען טייל אידישע הייזער טרויערען צוזאַמען מיט אונזער גרויסען נביא: „ויצא מן בת ציון כל הדרה״ — די טאָכטער פון ציון האָט איהר גאַנצען כבוד פאַרלוירען?

אויך זי, די אידישע טאָכטער, איז מיטגעריסען געוואָרען מיטן שטראָם פון דער צייט. דאָס ריינע פּאָעטישע הערליכע אידישע לעבען שמעקט איהר מעהר נישט, אַלץ וואָס איז אידיש — איז ביי איהר מיאוס און פאַנאַטיש. זי ווערט באַצויבערט פון דעם, וואָס רופט זיך „פּאַריזער״ צי „בערלינער מאָדע״. זי רייסט זיך אַריין אין אַ פרעמדער וועלט, זי וויל זעהן און געזעהן ווערען, באַוואונדערען און באַוואונדערט ווערען... אָט אַזוי אַרום ווערען כסדר חרוב אידישע הייזער!

די תורה זיצט און וויינט... יאָ, זי וויינט, וואָס בנות־מלכים, וועלכע זענען באַשאַפען געוואָרען מיטן צלם אלקים, פאַרלירען איהם ביסלעכווייז, ווערען פּאַפּוגייעס אָדער וואַקס־פיגורען...

וואָס איז דען די אידישע טאָכטער, וועלכע דינט ווי אַ געטרייע שקלאַפין די מאָדע? אַז די מאָדע הייסט איז איהר נישט הייס צו טראָגען אין זומער אַ שטיי־קראַגען ביז צו די אויערען און אין ווינטער — גיין מיט אַן אויפ־געריסענעם האַלדז...

יאָ, די מאָדע איז די איינציגע הערשערין איבער דער מאָראַל פון אונזערע טעכטער!

אידישע שוועסטער! איז אייך אייער כבוד באמת טייער, טאָ הערט בע־סער דעם רוף פון אייער תורה! היט זיך פון אַלעם, וואָס גרעניצט זיך מיט אומזיטלעכקייט! ווען די מאָדע האָט אפילו טויזענט מאָל פאַרהייליגט דאָס, וואָס קאָן אייער הייליגקייט און ריינקייט אָוועקרויבען — מוזט איהר זיך מיט אייער גאַנצער ענערגיע אַקעגענשטעלען, ווען אַפילו פיל וועלען לאַכען פון אייך, „בעסער פון דער מאָדע אויסגעלאַכט צו ווערען, איידער דער אַל־הייליגער זאָל איין מינוט בייז זיין״ (חורב).

טרויערען מוז היינט יעדער אידישער פאָטער, זעהענדיג ווי דאָס אידיש־קייט פאַלט און ווערט אָפּגעשוואַכט אין זיין סביבה, ווי זיין אייגען קינד טראָגט זיך אַרום מיט אַנדערע אידעאַלען, און מאַכט חוזק פון איהם, דעם פאַנאַטיקער. נישט ווייניג שולדיג זענען אָבער דערין די מאַמעס.

זיי, די אידישע מוטערס, האָבען ווייזט אויס פאַרגעסען, ווי עס האָבען זיך געפירט זייערע מוטערס, ווי זיי האָבען זיי דערצויגען.

אונזערע באָבעס זענען זיכער נישט געזעסען פאָרמיטאָג ביים שפּיגעל, איבערגעבענדיג די קינדער זייערע אין דעם רשות פון די פאַרשידענע „באָניס״ און „גובערנאַנטינס״. זיי האָבען נישט געקענט וועגען אַ טעאַטער־שטיק ברייט אַרומרעדען... דער יסוד פון זייער לעבען איז געווען — „ראשית חכמה יראת ד׳״, דאָס ערשטע וואָרט פון אַזאַ מוטער צו איהר קינד איז געווען אַ שבח צו ג־ט.

צו דריי יאָר האָט מען דאָס קינד צו דער תורה געפירט און אָן פּעדאַגאָ־גישע קענטנעשען האָבען זיי פאַרשטאַנען דאָס קינד אַזוי צו ענטוויקלען ביז עס האָט אַליין, פון אייגענער איבערצייגונג דעם „והגית בו יומם ולילה״ פאַר זיין לעבענס־אידעאַל געמאַכט.

וואָס דער חדר־אונטערריכט האָט נישט געגעבען, האָט עס ממלא געווען דאָס עלטערען־הויז. דאָס קינד האָט באַמערקט, מיט וואָסער אַכטונג און רעס־פּעקט זייגע עלטערען באַציהען זיך צו בני תורה און ישיבה בחורים און דאָס האָט אין דעם קינד איינגעפלאַנצט דעם חשק און רצון זיך אָפּצוגעבען מיט לימוד התורה.

ס'איז גאָרנישט דעריבער קיין וואונדער, אַז ביי אַזאַ באַציהונג צו דער תורה און איהרע טרעגער מצד די ברייטע אידישע מאַסען, האָבען געקענט אַרויסוואַקסען אַזעלכע וועלט־באַרימטע תורה אויטאָריטעטען ווי אַ רבי יהונתן אייבישיץ, אַ „פני יהושע", „נודע ביהודה", רבי מרדכי בענעט, „חתם סופר" וכדומה.

מיר זעהען אַלזאָ בעשיינפערליך, אַז נאָר אַ ברייטע נעץ פון אמת־אידישע שולן קאָן די זאַך צוריק פאַרריכטען, און די תורה צוריקגעבען איהר פריער־דיקן כבוד.

איך וויל אָבער באַמערקען די עלטערען, אַז מיטן שיקען די קינדער אין רעליגיעזע שולן זענען זיי נאָך נישט פטור פון דעם אויפזיכט איבער זיי. די שול מוז דאָס הויז דערגענצען. אויף די עלטערען ליגט דער חוב צו שאַפען די האַרמאָניע צווישען שול און שטוב. האָבען אַן השגחה, נאָך קאָנטראָלירען דאָס קינד, צי עס פאַסט זיך צו צו די שול פאָרשריפטען, נישט דערלויבען עס זיך צו חבר'ן מיט פרייע חברטעס אא"וו.

עס ליגט אויך אַ פליכט אויף די עלטערען, וואָס ווילען זייערע קינדער אין תורה־גייסט דערציהען — מאַטעריעליש און מאָראַליש די ב"י שולן צו שטיצען, און דורך דעם וועט מקוים ווערען: „ולכל בני ישראל היה אור במושבותם — דאָס תורה־ליכט וועט אַריינדרינגען אין אַלע אידישע הייזער.

## ג'

פיל מאָל האָב איך שוין דורך וואָרט און שריפט געפּרואווט דערמאָנען אונזערע ברידער און שוועסטער וועגען זייער הייליגען חוב צו די קינדער, איבערהויפּט צו די טעכטער, וועלכע ווערען דערצויגען ווייט פון אונזער גייסט, קולטור און תורה. די דאָזיגע אומנאָרמאַלע דערשיינונג רואינירט און צוברעכט דאָס אידישע הויז, דאָס אידישע פאַמיליע־לעבען. די קינדער ווערען שונאים זייערע עלטערען און דעם גאַנצען פאָלק מיט זיינע הייליגטימער.

טאַטע מאַמע האָבען געמיינט, אַז מיט דעם, וואָס זיי גיבען אַוועק דאָס קינד אין שול, אָדער דינגען אַ לערער צי אַ לערערין און צאָלען דערפאַר געלט — מיט דעם זיינען זיי שוין פאַר אַלעמען און פאַר זיך יוצא.

עס איז אמת, אַז דאָס רוב עלטערען זענען מעהר נישט ביכולת, ווי איבער־צוגעבען דאָס קינד אַ פרעמדען דערציער. זיי אַליין קענען זיך נישט דערמיט פאַרנעמען. אָבער פאַרוואָס האָבען זיי זיך אויך נישט פאַראינטערעסירט וועמען

זיי גיבען אָפּ דאָס קינד, אין וועלכער שול מען קאָן עס יאָ אַריינגעבען און אין וועלכער — נישט?

פאַרוואָס זיינען זיי בלינד געוועזן צו זעהן, אַז די דאָזיגע מענטשען, וועלכע זיי האָבען איבערגעענטפערט דעם קינד׳ס נשמה, זענען גאָר זייערע אינערליכע שונאים, וועלכע וואַרטען אויף אַ פּאַסענדער מינוט, כדי אויסצופירען אַן אַטענטאַט איבער זייערע הייליגטימער? אַזוי ווי אויפן פשוטן אופן איז עס אונמעגליך — פאַר אַזאַ זאַך ווערט מען שטרענג באַשטראָפט — האָט מען עס געפּרואווט צו מאַכען דורך די קינדער: מען ציהט עס אַריין אין דער שול און מען בילדעט עס דאָרטען אויס אַלס שונא פון זיינע נאָהענטסטע...

ווענען די אַלע ענינים איז שוין גענוג געשריבען און גערעדט געוואָרען. ווייניג קינדער זיינען פאַראַן, וואָס קומען פון דער סכנה אַרויס גאַנצע, אָבער אונזערע אידען ווילען דערפון קיין מוסר זיך נישט אַראָפּלערנען. אַ קינד, בפרט אַ מיידעל — טענה׳נען די מעהר פאַרשטענדליכע — מוז מען היינט געבען אין אַ שול. ס׳איז אָבער נאָך נישט פאַראַן אַזאַ גוטע אידישע געפּאַנצער־טע שול, וואָס זאָל זיי שיצען פון אַלדאָס בייז פון דרויסען.

אַוודאַי איז דאָס אַ האַרבע פראַגע, מיר דאַרפען אָבער אויך וויסען, אַז היינט פועלן שוין נישט די אַמאָליגע פאַנצער־מיטלען, וועלכע האָבען אַבסאָלוט אונמעגליך געמאַכט דעם צוגאַנג פון שונא. היינט קומען מיר טאָג־טעגלעך אין באַרירונג מיט די געפערליכסטע שונאים. דעריבער מוזען מיר האָבען אַזעלכע פּאָרזיכטס־מיטלען, אַז מיר זאָלען גאַנצערהייט קענען אַרויס פון שונאס הענט.

אויב מיר וואָלטען געהאַט די מעגלעכקייט צו גרינדען סעפּעראַטע אידישע שולן, וואו די לערערינס און לערער זאָלען זיין צוגעבונדען צום אידישען שורש און טראַדיציע — וואָלט אַוודאי געוועזן ווי אַמבעסטען. וועז מיר דאַרפען אפילו אין־תחילת אַריינגעמען אין אונזערע שולן לערערס וואָס זענען נישט אין גאַנצען איבערגעגעבען אונזער אידעאַל, דערפאַר אָבער איז די דערציערישע זייט אין דער שול אין גאַנצען אין הסכם מיט דער טראַדיציע, און אַלץ, אפילו די לימודי־חול ווערען דאָרט געפירט אונטער אַ שטרענגער השגחה — איז אויך גוט.

די „בית יעקב״־שולן, וואו די תלמידות באַקומען אַ גענויען באַגריף וועגען אידען און אידענטום און אַן־אמת אידישע דערציאונג זיינען די בעסטע פאַנצער־מיטלען געגען דער סכנה, וואָס דראָט פון דרויסען. די אידישע שילערין גייט פון איהר אַרויס באַוואָפענט מיט דערפאַרונג און אידישע כלי־זין.

מיר האָבען גערעדט, און זיך נישט אָפּגעפּטרט מיטן בלויזען רעדען.
אַ ריי טעכטער־שולן „בית יעקב” שטייען היינט ווי לעבעדיגע עדות, רופען
און וועקען אונזערע ברידער און שוועסטער:

— שאַפט ביי אייך אַזעלכע שולן! האָט רחמנות אויף אייערע אייגענע
טעכטער און דערלאָזט זיי נישט פאַרפרעמדט ווערען פון אייך! אַ ביסעל כוחות,
מעהר אינטערעס — און איהר וועט ראַטעווען אייער פאַמיליע־לעבען, דעם
אייגענעם שטאַם, פון פאַרטריקענונג!

בית יעקב, לכו ונלכה באור ד'!

# נאָכן צווייטען פאָרטבילדונגס־קורס

אַ יאָר איז שוין אַוועק זינט דעם פאָרטבילדונגס־קורס אין ראבאוו, אין וועלכען איך האָב זיך באַטייליגט מיט מיינע געוועזענע שילערינס־לערערינס אין אַ גאַנצע ריי פּראָווינץ־שטעט.

איך זעה ווי זיי, די דערציערינס פון דעם יונגען דור, זיצען אין ראבאווער־וואַלד אויף די בענק און דורכן שיין פון דער לבנה זעה איך זייערע פיני־קעלדיגע אויגען. אין איינעם אַזאַ אויג פּערעלט זיך אַ טרער, וואָס אָט־אָט וועט זיך פאַרענדיגען דאָס דערהאַבענע רוחניות־לעבען אין דעם שויס פון דער געטליכער נאַטור. פון אַ צווייט אויג בליצט אָבער אַרויס דאָס גליק צוליב די גייסטיגע אוצרות, וואָס זיינען דאָ דערוואָרבען געוואָרען אין משך פון די לעצטע זעקס וואָכען.

איך לייען זייערע מחשבות: „תמיד דאַרפען מיר צוזאַמען, העכער דערהויבען אונזער תורה־פאָן און אַזוי אַרום וועלען מיר פיל פון אונזערע פאַרבלאָנדזשעטע שוועסטער צוריקפירען צו אונזערע פאָלקס־אמת'ן און פילן צוזאַמען אַ רוחניות'דיג גליק”.

און איך ווינטש זיי: זאָל ג־ט אייך צוהעלפען אינ'ם אויספירען אייער גוטען ווילען פאַרן כלל־ישראל, אינ'ם רצון צו דערהאַלטען אונזערע שוועסטער ביי אונזער פאָלק!

אַ יאָר שוין אַוועק... יארדאַנאוו.

און ווידער בין איך צוזאַמען מיט זיי, און מיט נאָך פרישע אַנדערע; עס זיינען דאָ אַ חוץ די 55 לערערינס, וואָס זיינען פאַראַיאָרען געווען אין ראבאוו, אויך 40 סעמינאַריסטקעס, וועלכע וועלען אי״ה פּסח צייט ענדיגען זייער שטודיום און אָנהויבען אַרבייטען פאַרן כלל.

מיר זיינען שוין נישט אינ׳ם ווילדען, ציגיינער־באַוואוינטען ראבאוו, וואו די גאַנצע נאַטור־סביבה האָט אונז כסדר דערמאָנט, וויפיעל אַרבייט מען דאַרף נאָך אַוועקלייגען, אַז זי זאָל ווערען קולטיווירט. מיר זענען אין יאָר־דאנאוו. די געאָגראַפישע לאַגע איז די זעלבע, וואָס אין ראבאוו — צווישען בערג, וועלדער און טייכען — אָבער די ווי מיט ווייסע דיוואַנעס באַדעקטע בערג, דער געפלאַסטערטער שאָסיי, די מאָדערען־אויסגעבויטע ווילע, אין וועלכער עס וואוינען אַן ערך הונדערט נפשות אָן ע״ה — ווייזט אונז אַמבעסטען, וואָס אַ מענטשליכע האַנט איז אַלץ בכוח אויפצוטאָן אין דער ג־טליכער נאַטור.

כאָטש פון ראבאוו טיילט אונז אָפּ בס״ה איין יאָר, קאָן מען דאָך שוין זעהן בולט די פּירות פון דעם דאָזיגען ערשטען שריט פאַר די בית יעקב־שולן.

אַ דאַנק דער גייסטיגער מיטהילף פון די מערב־לענדער דורך פרל. ראטשילד פון ציריך, פרל. ראזענבוים פון פראַנקפורט און דער עיקר: אַ דאַנק דער אונדערמידליכער אָנפירערישער, אַרבייט פון חשוב׳ן ד״ר ש. דייטשלענדער — איז דער לימוד אין סעמינאַר פאַכמעניש אַזוי סיסטעמאַטיזירט געוואָרען, אַז אונזער אַנשטאַלט האָט זיך שוין נישט מיט וואָס צו שעמען לגבי אַנדערע אַנשטאַלטען פון דעם טיפּ, נאָר פאַרקערט: ער קאָן פאַר זיי דינען אַלס מוסטער.

וואונדערבאַר איז דאָס בילד, ווי די 95 מיידלעך, איינגעטיילט אין 5 גרופּען אונטער דער לייטונג פון זייערע אָנפירערינס, זעצען זיך אויס אויפן ווייכען גראָז אין וואַלד, און זייערע אויגען פינקלען פאַר באַגייסטערונג פון די טיפע געדאַנקען און נאָך, אָט־אָ־דאָ צווישען דער אַרומיקער נאַטור!

וויפיעל האָפענונג דערוועקט דאָס! יעדע איינע פון זיי האָט, אָדער וועט האָבען, אונטער זיך ביז 150 קינדער. זי וועט לעשען זייער גייסטיגען דורשט מיטן שפּרודעליגען תורה־קוואַל. זי וועט זיי לערנען, ווי אַזוי צו פאַרהייליגען דעם אַלטען דרך הצניעות. אַזוי אַרום וועט מיט ג־טס הילף אויפוואַקסען אַ דור פון עכט־אידישע מוטערס, וואָס וועלען שוין וויסען ווי זייער אויפגאַבע צו דערפילען און דערציען זייערע קינדער פאַר אמתע אשת חילס!

די דאָזיגע פרייד ווערט אָבער ביי מיר אויסגעמישט מיט טרויעריגע מחשבות: נאָך פיל, זייער פיל אידישע טעכטער שטרעבען צו די דאָזיגע

אוצרות. מאַסען בקשות וועגען אַריינגעמען אין אונזער סעמינאַר, ליגען ביי אונז און זיי קענען נישט דערליידיגט ווערען צוליבן.... מאַנגעל אין געלט־מיטלען. פעלט דאָך אונז שוין היינט זייער אָפט דאָס טעגליכע ברויט!.. מוזן דאָך שוין היינט, צוליבן מאַנגעל אין פלאַץ, פופצען קינדער שלאָפען אין איין שטוב!...

מיר שטייען יעצט אויף דער שוועל פון אַ ניי יאָר און מיר האָפען. מיר ווייסען, אַז ווען דער גייסטרייכער חודש תשרי געהט אַוועק און ס׳קומט אָן דער שטילער חשוון מיט די לאַנגע ווינטער־נעכט, פאַרזאַמלען זיך דעמאָלט די אמת־אידישע מענער און אמת־אידישע פרויען און קלערען, וואָס מען זאָל טאָן, כדי דעם אידישען פאָלק בעסער און לייכטער צו מאַכען.

און אויף זייער מיטהילף וואַרטען מיר!

---

# דער ערשטער יאהר־טאג פון „בנות"

אַ גאַנץ יאָר בין איך געשטאַנען אָן אַ זייט און נישט געוואַגט אַרויסצוזאָגען אַן עפענטליכען „מזל־טוב" לכבוד דער גרינדונג פון בנות־אגודת ישראל. איך בין געווען ווי אַ מענטש, וועלכער קומט ענדלעך צום לאַנג־דערוואַרטען ציל און מחמת גרויס איבערראַשונג קאָן ער איבערען שוועל פון דער טיר צום ציל — לאַנג, לאַנג נישט איבערטרעטען.

איך האָב מיר אַליין נישט געוואָלט גלויבען, אַפילו זעהענדיג דעם גרויסען עפענטליכען צוזאַמענפאָר פאַר־אַ־יאָרן אין לאָדזש. איך האָב מיר געזאָגט: דאָס איז נאָך נישט דער עיקר!

באַזוכענדיג אָבער לעצטענס אייניגע „בנות"־גרופען, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ס׳איז שוין נישט קיין חלום, נאָר אַ ממשות׳דיגע ווירקליכקייט. מיין פרייד צוליב דער דאָזיגער וויכטיגער געשעהניש לאָזט זיך נישט אויסדריקען אין קיין ווערטער...

געדענקט שוועסטער! מיר זיינען אַלע צוזאַמענגעבונדען מיט גייסטיגע פעדים, וועלכע זיינען, כידוע פיל שטאַרקער ווי קערפערליכע. אַ גייסטיגער באַנד פאַרבינדט אונז פעסט צוזאַמען אויף דער גאַנצער וועלט.

די אידישע טאָכטער שטאָלצירט שוין היינט עפענטליך מיט איהרע רעליגיעזע געפיהלען. זי ווייסט, אַז זי איז אַ מיטגלידערען פון אַן אָרגאַניזאַציע,

וואָס איהר פּראָגראַם דאַטירט זיך שוין זינט טויזענטער יאָרען, און וועלכע האָט זיך געשטעלט אַלס ציל צו אָרגאַניזירען די יונגע אידישע טאָכטער אונטערען פאָן פון דער אַלטער און אייביג־נייער תורה הקדושה.

ווייסט איהר, ליבע שוועסטער, וואָס דאָס הייסט יוגענט?

יוגענט הייסט: פרייד, לעבענס־מוט, אָפּטימיזם און שטאַרקער גלויבען אין אייביגע אידעאַלען!

יעדע יוגענט־אָרגאַניזאַציע מוז האָבען אין איהר פּראָגראַם אַריינגעפלאָכ־טען אָט־אָ־די אויבענדערמאָנטע יסודות. צווייפעל, טרויער, פּעסימיזם — דאָס איז: אַנטי־יוגענט!

און אונזער תורה, וואָס איז דער קוואַל פון אמתער פרייד, ווי דוד המלך זאָגט אין תהלים (י״ט, ט׳): „פּקודי ד׳ ישרים משמחי לב״ (ג־טס באַפעלען זענען גערעכטע, זיי דערפרייען דאָס האַרץ) — טאָ מיט וויפיעל שמחה, אָפּטימיזם און פאַרטרויען אין ג־ט דאַרף באַגלייט ווערען די אַרבייט פאַר דער אָרגאַני־זאַציע, וועלכע אַרבייט פאַר דער תורה?

יוגענט הייסט: התלהבות, באַגייסטערונג, לעבען און שטרעבען. יעדע קאַלטקייט, פלעגמאַטישקייט איז אַנטי־יוגענט. ווי אַזוי דאַרף נאָך זיין אונזער יוגענט־באַוועגונג פאַר תורה און אידענטום, אין די דאָזיגעביידע פאַרלאַנגען פון אונז: באַגייסטערונג, לעבען אין שמחה אויף שריט און טריט?

דער פּסוק זאָגט: „אשר יעשה אותם האדם וחי בהם״ — מען דאַרף די מצוות איבערלעבען מיט לעבען און התלהבות — וויפיעל רייץ און חיות מוז דעריבער האָבען אונזער יוגענט־באַוועגונג?

אונזער מיידעל־יוגענט דאַרף דערפילען איהרע אידישע פליכטען. זי מוז ווערען אַ מוסטער פון פרוכטבאַרסטער אַרבייט פאַר אונזער ג־ט און פאָלק.

דער קאָצקער רבי זצ״ל זאָגט, אַז ווען אברהם אבינו האָט געזעהן מיט וואָסער התלהבות יצחק געהט צו דער עקדה, כאָטש השי״ת האָט זיך צו איהם נישט באַוויזען, איז ער געקומען צו דער הכרה, אַז זיין חוב איז שטאַרקער זיך צו בעפריינדען מיטן יונגען דור.

יונג צוזאַמען מיט אַלט, און דעמאָלט וועט קאָנען געמאָלט זיין אַז „ונערים פּני זקנים הלבינו״ — די אַלטע זאָלען זיך שעמען פאַר דער יוגענט, צוליב איהרע גליענדיגע התלהבותדיקע אַרבייטען פאַר דער אמונה, פאַר ג־ט און דעמאָלט, דעמאָלט וועט קומען די צייט פון משיח.

די יוגענט איז שרייעדיג, פּראָפּאַגאַנדיסטיש, און דאָס איז טאַקע איהר

מעלה. „לדיו כתובה על ניר חדש" — דאָס זאָגט קלאָר און דייטלעך, וואָס יוגענט באַדייט.

אַלטע דאַגעגען פראָפּאַגאַנדירען נישט, שרייען נישט דערפאַר זענען זיי אָבער אַדורכגעדרונגען מיט זייערע אידעען. „לדיו כתובה על ניר ישן" — דאָס געשריבענע איז שווער לעזבאַר, דערפאַר איז אָבער דער טינט טיף אַריינגעדרונגען אין פּאַפּיר, און דאָס דאַרף די יוגענט זיך אָראָפּלערנען פון די אַלטע.

אין אונזער יוגענט־באַוועגונג מוזעןביידע זיין פעסט־פאַראייניגט. יונג און אַלט מוזען זיך האַלטען צוזאַמען.

די וויכטיגסטע אויפגאַבען פון „בנות אגודת ישראל" זיינען:

א) שטרעבען צו געהן ווייטער, פאָראויס. אָבער נישט אָן אַ גרעניץ, נאָר מיט אַ שטאַרקער פאַרבינדונג מיט אונזער הייליגער טראַדיציע, אָן וועלכער ס'עקזיסטירט נישט בכלל פאַרן איד קיין שום פאָרטשריט;

ב) ווייטער צו געהן אין תורה־וויסענשאַפט, לערנען געְנוי די דינים, כדי צו קענען דערפילען די אידישע פליכטען;

ג) פאַרשפרייטען אונזער אידעאַל מיט ליכט און וואַרימקייט אין אַלע ווינקעלעך, וואו ס'איז פאַראַן אַ בנות־מיטגלידערין דאַרף זי דאָרט גרינדען אַ בנות־גרופּע און פריער נישט רוהען ביז דער אידישער פונק, וואָס טליעט אין האַרץ פון יעדער אידישער טאָכטער וועט זיך צופלאַקערען אין אַ גרויסען פלאַם און ארומנעמען אַלע אונזערע שוועסטער.

דעריבער. צו דער אַרבייט, שוועסטער! צום קאַמף פאַר אַלעם, וואָס איז אונז הייליג, פאַר אונזער הייליגסטען תורה־אידעאַל.

צום סוף, נאָך אַ וואָרט:

ליבע שוועסטער! באַגייסטערט צו ווערען איז זייער לייכט. אַ גוטע רעדע קאָן אַ מענטש אַזוי באַגייסטערען, אַז ער זאָל אַראָפּנעמען פון זיך דאָס טייערס־טע און עס אַוועקשענקען, אָדער צוזאָגען תמיד צו אַרבייטען פאַרן דאָזיגען אידעאַל. צו האַלטען אָבער דעם אידעאַל ביי זיך יאָרן־לאַנג, דאָס גאַנצע לעבען — דאָס פעלט אונז, ליידער. דעריבער מוזט איהר, שוועסטער, זוכען נאָר דאָס איינע:

פעסט, גאָר פעסט דעם דאָזיגען באַגייסטערונגס־פלאַם פאַר ג־ט און זיין פאָלק צו דערהאַלטען אין אייך ביז אייער לעצטען אָטעם־צוג!!

# דריי בריוו צו בנות אגודת ישראל

## א׳

ליבע שוועסטער!

קודם־כל רוף איך אייך צום קאַמף פאַר דער תורה הקדושה, הגם איך בין זיכער, אַז איהר אַליין ווייסט גאַנץ גוט, וואָס אַזוינס איז די תורה פאַרן אידישען פאָלק אַלס גאַנצעס, און פאַר יעדען קינד פון ישראל באַזונדער, דאָך וועל איך פּרואווען אין קורצע שטריכען נאָך אַמאָל אייך אויפצייכענען, וואָס די תורה איז.

פאַר אלעם מוז יעדער פון אונז וויסען, אַז די תורה באַדייט נישט בלויז לערנען זי, פאַרשטיין איהר תוכן. דער עיקר איז: דערפילען וואָס זי לערענט און באַפעלט צו טאָן.

פאַר דעם, וואָס שטודירט אין איהר איז זי דאָס דערקוויקענדסטע וואַסער און לייטערענדע פייער, זי איז פאַרן מענטשען, ווי דערנעהרענדע מילך און דערפרייענדיקער וויין. זי איז פאַר איהם אַ האַמער, וואָס שפּאַלט פעלזען, און אַ שווערד, מיט וועלכע מען קאָן וועלטען איינגעמען. זי איז צו אים אַ שטעקען, וואָס האַלט אונטער זיינע פיס, דאָס ליכט, וואָס לייכט איהם זיין וועג, דער באַגלייטער אין צייטען פון גליק און עצה־געבער אין דער צייט פון טרויער און נויט.

די תורה איז פאַר יעדערען וואָס פאַרשטייט זי: דאָס געזאַנג פון דער נאַכט, דאָס וואַנדער־ליד אויף דער רייזע, דער רעפלעקטאָר ביים שייד־וועג, דער קוואַל פון לעבען און פרידען, קראַפט און מוט.

דעריבער, אפילו ווען מען לערענט שוין פלייסיק די תורה איז נאָך אַלץ נישט גענוג.

יעדע מצוה, כאָטש מען דערקענט איהר באַדייט מוז מען זי אויך אנערקע־נען. פון ספר מוז יעדעס וואָרט געהן טיף אין האַרץ אריין, ביז ס׳ווערט אַ חלק דערפון.

גראָד אַזוי איז עס אויך מיט אונזער העכסטען געדאַנק פון אמונה. ווען אַ מענטש גלויבט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ באַשעפער, און ער זעהט עס אויך ביי יעדען באַשעפעניש, קוים באַגרייפט ער עס בלויז מיטן שכל און ס׳ליגט איהם

אין זכרון — האָט עס נישט קיין שום פּאָזיטיווען ווערט. „רחמנא לבא בעי" — דאָס האַרץ מוז פילען. אין אַלע קעמערלעך פון האַרצען מוז אָט דער גרויסער אמת זיין איינגעזאַפּט.

ווען אפילו מיר באַטראַכטען די גאַנצע וועלט פאַר אַ בית־המקדש, אַלע באַשעפענישען אַלס ג־טס דינער און אַליין האַלטען מיר זיך נישט אַלס עובדי השם — האָבען מיר נאָך אַלץ נישט דערגרייכט די מדרגה פון אמתע קינדער פון פאָלק ישראל און זיין הויכען באַרוף.

און דאָס זעהען מיר אויך, אַז דאָס ערשטע וואָרט ביים באַרג סיני איז געווען „אנכי ד' אלקיך" — איך בין דיין ג־ט, דיין געזעץ־געבער, דער פירער פון אַלע דיינע געפיהלען און מעשים.

„זעה דו, מענטש, אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט האָב איך, ג־ט, דיר במתנה געגעבען. אַלץ איז פון מיין האַנט: דו, דיין אייגענטום איז הייליג צו מיר, דיין קערפּער, נשמה, געפיהל, דאַרף מיין רצון דערפילען. און דעמאָלט, נאָר דעמאָלט ביסטו דער ריכטיקער מענטש־„ישראל!"

אַלזאָ, ליבע שוועסטער. דאָס דאַרף זיין, די ערשטע און וויכטיגסטע שטרעבונג פון אונזער „בנות אגודת ישראל".

שטייגען און עולה זיין צום באַרוף פון מענטש־ישראל — פּיהר אַ ריין, הייליג, גליקלעך לעבען אַלס מענטש אינ'ם גייסט פון ישראל!

## ב'

ליבע שוועסטער!

יראת שמים הייסט, אַז אַלץ, וואָס די תורה הקדושה לערענט אונז וועגען ג־טס גרויסקייט, הערשאַפט און גערעכטיקייט זאָל אין אונז אַזוי איינגעוואָר־צעלט זיין, אַז מיר זאָלען אומעטום דאָס זעהן, פיהלען און באַוואונדערען. און דורך השי"ת גרויסקייט אויך פיהלען אונזער קליינלעכקייט.

ג־טס אַלמאַכט: אויפן וואונק פונ'ם באַשעפער קאָנען אַפילו הימלען און ערד ווערען צונישט — און דו? מיט דיין ביסעלע כוח, באַגרעניצטע לעבענס־צייט, דו שוואַכער מענטש, ווילסט זיך אַקעגענשטעלען דעם אַלמעכטיקען? אַ, ג־טס אַן אויגענבליק קאָן דאָך דיר חלילה פאַרטיליגען און פאַרניכטען!

ג־טס גרויסקייט: אַלץ, וואָס איז און וועט זיין, אַלע באַשעפענישען, וואָס לעבען און ווירקען — טוען דאָס לויטען פּלאַן פון זיין חכמה. און דו, מענטש מיט דיין קורצער לעבענס־צייט גייסטו זינדיגען? אַליין אַ לעבענס אָרדנונג

זיך מאַכען? אָ, שרעק זיך בעסער פאַרן עונש פון ג־ט, וועלכער קאָן אַלע דיינע אלגעמיינע פלענער מבטל מאַכען!

מלא כל הארץ כבודו: ג־ט איז אומעטום, און ווער קאָן זיך פאַר איהם אויסבאַהאַלטען? שטייגט מען אין הימעל — שטעהט מען פאַר איהם, פאַלט מען אין גרוב, געפינט ער זיך אויך דאָרט. וואוהין דו גייסט: צו מזרח און צו מערב, צו דרום און צו צפון — אומעטום שטייט ג־ט פאַר דיר!

אונטער דיר, איבער דיר, אַרום דיר און אין דיר.

ג־טס הערשאַפט: ג־ט איז דער הערשער פון אַלעם און אַלעמען, הימעל און ערד, אַלע ברואים, וואָס דו זעהסט, די לופט וועלכע דו אָטעמסט און דאָס בלוט וואָס פליסט אין דיינע אָדערען — אַלץ געהער צו איהם!

לעבענס געזעצען: דער באַשעפער, וואָס קומט דיר אָקעגען אין יעדען גרעזעלע, אין יעדען גרינעם צווייגעלע און אין יעדען שטיין, וואָס דו זעהסט פאַלען צו דער ערד — אַלץ פאָלגט זיין געבאָט! דער זעלבער ג־ט האָט אויך דעם מענטש, און באַזונדער דיר אידיש קינד, געגעבען דאָס געזעץ פון דעם לעבען. אַלע אייגענשאַפטען פון׳ם כביכול דאַרפט איהר פיהלען און באַגרייפען, און דאָס וועט אייך שוין ארייברענגען אין האַרצען אַ מורא פאַר ג־ט, די ריינע דערהאבענע יראה פאַר דעם, וואָס די גאַנצע וועלט, די נאַטור און איהרע אוצרות ציטערען און פלאַטערען מיט אַן אויסערגעוויינליכער מורא.

ליבע שוועסטער! כדי צו שטייגען וואָס העכער און וואָס מעהר באַוואוסט־זיניג צו זיין אַדורכגעדרונגען מיט דער יראה, זאָלט איהר תמיד דענקען אַזוי ווי אונזער גרויסער אידישער וועלט־חכם שלמה המלך:

ראשית חכמה יראת ד׳ — דער ערשטער באַדינג פון אַרויפשטייגען צום קוואַל פון לויטערער ריינער חכמה איז יראת ד׳, די אין האַרצען טיף איינגע־פלאַנצטע מורא פאַר ג־ט. נאָר דאָס פירט צו לעבען דערהויבען און גליקלעך.

אשה יראת ד׳ היא תתהלל — יעדע אידישע טאָכטער, די צוקונפטיקע מוטערס פון ישראלס קינדער וועלען נאָר דעמאָלט זיין געלויבט און געריהמט, ווען יראת ד׳ וועט זיי באַגלייטען אויפן וועג פון זייער גאַנץ לעבען.

## ג׳

ליבע שוועסטער!

אהבת השם. ליבע בכלל הייסט: זיך פילן גאַנץ דורך דער אייגענער עקזיסטענץ און קיום פון אַ צווייטען. ליב האָבען ג־ט הייסט אַלזאָ: פילן, אַז

אונזער גאַנצער דאָ זיין און ווירקען האָבען מיר נאָר צו פאַרדאַנקען ג־ט, דעם באַשעפער פון דער וועלט.

דערפאַר איז אונזער חוב צו ליבען און מקיים צו זיין די תורה הקדושה. דאָס איז דער ערשטער תנאי פון אהבת השם. אויף שריט און טריט דאַרפען מיר זעהן די קערפערליכע און גייסטיגע טובות, וואָס ג־ט טוט תמיד מיט אונז.

בכל לבבך בכל נפשך ובכל מאודך — מיטן גאַנצען האַרצען, לעבען און פאַרמעגען דאַרפען מיר ליב האָבען ג־ט.

מיטן גאַנצען האַרצען: מיר דאַרפען אויסנוצען אונזער גייסטיג שטרעבען און רוחניותדיגען כוח, כדי צו קענען בשלימות ממלא זיין ג־טס רצון. כובש זיין דעם יצר הרע און אים אונטערוואַרפען דעם יצר טוב. וואָס ביי ג־ט הייסט גוט און שעהן דאַרף אין אונזער אידיש האַרץ אַן אָרט געפינען.

מיט דער גאַנצער נשמה און גאַנצען פאַרמעגען: אַלע כוחות, די גשמיות־דיגע און רוחניותדיגע, מוזען באַטראַכט ווערען בלויז אַלס מיטלען, וואָס זאָלען אין דער שטאַרקסטער און ברייטסטער מאָס אויסגענוצט ווערען אויף ממלא צו זיין די חוקי היהדות.

אויב מיר פאַרשטייען שוין, אַז אונזער האַרץ, גאַנצער לעבענס־נערוו און אייגענטום זענען אַלץ נאָר מיטלען צו פאַרווירקליכען דורך זיי אונזער ליבע צום בורא עולם, פאַרשטייט זיך ממילא אַז אים, דעם אַלמעכטיגען וועלט־הערשער, דאַרף מען מעהר ליבען ווי זיך און אַלע לעבענס־כוחות. די טרייקייט צו ג־ט דאַרף זיין אַזוי שטאַרק און אַפילו מסירת־נפש דאַרף נישט אָפּהאַלטען דעמאָלט ווען עס האַנדעלט זיך אין קידוש השם.

כדי משיג צו זיין, ווי צו קענען אָנפילען דאָס האַרץ מיט אהבה און יראה זענען פאַראַן פאַרשידענע דרכים. דער הויפּט־וועג איז: זעלבסט־אַרבייט, אַליין־דערציאונג, זיך פאָרברייטען אַ לויטער האַרץ מיט פיל קדושה.

„שניידט איבער דאָס פעטס פון אייער האַרץ און פאַרהאַרטעוועט נישט מעהר אייער נאַקען!". דאָס פעטס פון האַרץ איז תאווה און גיאות, וואָס איז די התחלה ביי יעדען פאַרברעכען. יעדער געטרייער אידישער זון און געטרייע אידישע טאָכטער דאַרף דעריבער עוקר מן השורש זיין אַלץ, וואָס שטערט און לייגט זיך ווי אַן אבן־נגף אויפן וועג צו אונזער גרויסען ציל.

נאָר אין אַ ריין האַרץ קאָן געפלאַנצט ווערען דער עץ החיים, די תורה הקדושה, און דעמאָלט וועלען מיר זיך ערשט ריכטיג קאָנען איבערגעבען צום דינסט פון׳ם באַשעפער.

ווי אַזוי אָבער קומט מען צו דער מצווה פון אהבת השם?

דער וועג צום ציל איז קודם־כל: קענען זיך אַליין, אונזער האַרץ און מוח. מיר טאָרען נישט זיך אַליין פּרוּאווען אָפּנאַרען. מיר דאַרפען זיך בודק זיין, דאָס טיפסטע ווינקעלע אין האַרץ טאָר אונז נישט פרעמד בלייבען. נאָכן דין וחשבון מיט זיך אַליין דאַרפען מיר זיך אָנגורטען מיטן שטאַרקסטען און קרעפטיגסטען רצון צו באַפרייען זיך פון יעדען חסרון און מדות רעות און באַזייטיגען יעדע מניעה, וואָס שטערט דערין.

איביג געדענקען, אַז דער היינט איז שלעכט אָבער דער מאָרגען זאָל ווערען בעסער צוגעגרייט.

מבחין זיין צווישען גוט און שלעכט קאָן מען נאָר דורך דער תורה אַליין. פון דער פריהסטער יוגענט אָן דאַרף מען שוין באַהערשט זיין מיטן שטרעבען זיך תמיד אַליין צו משפטן און פאָרשען. די קרומע און שלעכטע וועגען אויסמיידען, דאַגעגען נאָכזוכען די גוטע און גלייכע וועגען און אויף זיי גיין מיט פעסטע טריט.

כ׳ווייס, אַז דאָס איז נישט לייכט און אפשר גאָר שווער. וויסען מוז מען אָבער אַז: „בדרך שאדם רוצה לילך מוליכין אותו״ — אין וועג, וואו אַ מענטש וויל גיין, פירט מען איהם פון הימעל. „הבא לטהר מסייעין אותו״ — און דער, וואָס וויל זיך אָפּרייניגען פון זיינע זינד, העלפט איהם ג־ט דאָס אויסצופירען. דער עיקר איז: זיין דורכגענומען מיט דער אינערליכער ערנסט־קייט און זיך פאַרנעמען בעסער און הייליגער צו ווערען. „קדושים תהיו כי קדוש אני ד׳ אלקיכם״ — הייליג זאָלט איהר זיין, וואָרום הייליג בין איך, אייער ג־ט!

איהר זאָגט, אַז דאָס איז שווער. אָבער באַקלערט זיך נאָר אויף אַ ווײַלע, ווי שווער מען אַרבייט אויף ברויט און חיונה פאַר׳ן גוף, ווי פון דער פריהס־טער יוגענט גרייט מען זיך צו אַ מלאכה, כדי מען זאָל שפּעטער האָבען מיט וואָס זיך צו דערנעהרען! אַלע שוועריגקייטען ווערען באַזייטיגט בעת עס האַנ־דעלט זיך וועגען דער זאָרג פאַר דער קערפּערליכער דערהאַלטונג, און — פאַר דער נשמה? פאַרוואָס זאָל מען טאַקע די נשמה, די אידישע נשמה, מיט גאָרנישט פּרוּאווען פאַרזאָרגען?

ניין, ליבע שוועסטער! מיר דאַרפען נישט פאַרגעסען יענע גרויסע דערהארבענע שעה, ווען מיר אַלע האָבען מיט באַגייסטערונג זיך דעקלאַרירט פאַר׳ן תורה אידעאַל, און מיט דעם „נעשה ונשמע״ אַרויפגענומען אויף זיך די הייליגע פליכטען ביים באַרג סיני!

בנות אגודת ישראל דאַרף מיט שטאָלץ די דאָזיגע התחייבות׳ן האַלטען.

בנוגע דעם איירָאָפּעאישען מאָדע־קולט האָבען מיר נישט קיין שום פּארפליכ־טונגען, בפרט נאָך ווען איהרע מנהגים זענען געגען דער עטיק און מאָראַל פון אונזער תורה. מיטן גאַנצען פייער פון אונזער תורה, מיטן גאַנצען פייער פון אונזער האַרץ מוזען מיר געדענקען אין אונזערע טראַדיציעס, צניעות, קדושה און באַשיידענקייט, וועלכע זענען די שטאַפּלען, וואָס פירען אונז צום ליכט־טורעם פון יראת ואהבת השם.

---

# א ווארט צו מיינע אידישע שוועסטער

לכבוד דער יובל־אויסגאַבע פון בית־יעקב זשורנאַל

עס ליגט פאַר מיר אַ בריוו פון ג. רעדאַקטאָר א״ג פרידנזאָן פון דעם בית־יעקב־זשורנאַל, אין וועלכען ער פאַרבעט מיך עפּעס אָנצושרייבען לכבוד דער יובל־אויסגאַבע (נומער 50).

עס בליצט מיר גלייך אַ דורך אַ געדאַנק: צי ווייסען אַלע לייענער פון זשורנאַל דעם באַדייט פון דעם וואָרט „יובל״?

כ׳בין דאָ קיינעם נישט אויסען ח״ו צו באַליידיגען. אָבער, וואָס מעהר מיר פאַרטיפען זיך אין אונזער תורה הקדושה, און באַמיען זיך איהר גייסט צו פאַרשטיין, אַלץ מעהר ליכטיקייט און נאַרונג געפינען מיר דאָרטען פאַר אונזערע דורשטיגע נשמות.

דער פּסוק זאָגט (ויקרא, בהר, כ״ה, ח׳): „וספרת לך שבע שבתות שנים שבע שנים שבע פעמים. והיו לך ימי שבתות השנים תשע וארבעים שנה״.

ווייטער שטייט דאָרטען: „דו זאָלסט לאָזען בלאָזען שופר אינ׳ם זיבעטען חודש, אינ׳ם צענטן תשרי, יום־כפור זאָל דאָס קול פונ׳ם שופר דורכגיין איבערן גאַנצען לאַנד״. „איהר זאָלט הייליגען דאָס פופציקסטע יאָר, און איהר זאָלט ארויסלאָזען אַ פרייהייט־געזעץ פאַר אַלע איינוואוינער פון דעם לאַנד. יובל זאָל עס זיין פאַר אייך, און יעדער זאָל צוריק קערן צו זיין משפחה״.

וספרת לך — צייל דיר. דאָס באַציט זיך צום בית־דין הגדול, די תורה־אויטאָריטעטען. נאָר דורך זיי קאָנסטו צוקומען צו אַן אַלגעמיינער סאָציאַלער פרייהייט, וועלכע עס ברענגט מיט זיך מיט יעדעס יובל־יאָר.

וספרתם לכם — איהר זאָלט ציילען פאַר אייך, דאָס ספירה־געזעץ, וואָס

ליגט אויף יעדען איינעם. איהר זאָלט ציילען די טעג פון יציאת מצרים ביז מתן תורה. יעדעס יאָר זאָלט איהר זיך דערמאָנען, און צוליב קבלת התורה פירען אַ פריש לעבען ווייל מיט אינערליכער זיטלעכער פרייקייט, האָט אייך השי״ת אַרויסגענומען פון מצרים.

ביידע ספירות זענען איינג מיט זיך פאַרבונדען. די פּאָליטישע פרייקייט האָט מען געקאָנט באַקומען פאַסיוו, אַלס מתנה פון הקב״ה, די זיטליכע פרייקייט — נאָר נאָך אָנגעשטרענגטער אַרבייט מיט זיך אַליין.

טעג און וואָכען ציילען מיר, כדי מיר זאָלען יעדען טאָג, יעדע וואָך אַ דין וחשבון זיך אָפּגעבען, מיט וויפיעל מיר זענען מעהר פעאיג די תורה־טרעגער צו זיין. יאָרען און שמיטות ציילען מיר, ביז מיר זענען ראוי אונזער ג־ט אַלס בעל־בית פונ׳ם גאַנצען נאַציאָנאַלען באָדען אַנערקענען און מיר זיינען זוכה אַ יובל־יאָר צו דערלעבן: אַ יאָר פון פרייקייט פאַר אַלעמען.

ווי אַזוי ווערט די דאָזיגע אַלגעמיינע פרייקייט אָנגעזאָגט?

והעברת שופר תרועה — דער ערשטער רוף קומט דורכן שופר. דער סיגנאַל ווערט נישט מיט חצוצרות אַרויסגערופען, נאָר מיטן קול פון שופר, מיט וועלכען השי״ת האָט אונז אויך ביים באַרג סיני צו אונזער הייליגער אויפגאַבע גערופען. און ווידער באַטראַכטען מיר דעם דאָפּעלטען באַדייט פון יובל־שופר מיטן ראש השנה שופר. ביידע תרועות זיינען בשופר, אין דעם נאָמען פון ג־ט. דאָס זעלבע, וואָס די תרועה פון ראש השנה באַדייט פאַר דער זיטליכער באַציאונג פון מענטש צו מענטש פאַר ג־ט, באַדייט די תרועה פון יובל פאַר די סאָציאַלע באַציאונגען.

אַזעלכע ראש השנה און יובל מחשבות וועקט אין מיר אויף דער „בית יעקב״ יובל. פונקט ווי אין צענטן תשרי אין יובל האָט אומעטום געשאַלט דאָס קול פון שופר, וועלכעס האָט אין אַלע אידישע ערטער גערופען אין ג־טס נאָמען צוריק צו קערן צו איהם, צוריק צו באַקומען די פאַרלוירענע זיטליכע ריינקייט, דאָס פאַרמעגען, וואָס מיר באַזיצען, אַזוי דאַרף אונז דער בית־יעקב־יובל נישט לאָזען זיצען רואיג, מיט פאַרלייגטע הענט, נאָר מאַכען כסדר אַ דין וחשבון, נישט באַגנוגענען מיט זיך אַליין, נאָר פאַרשפּרייטען אונזער אידעאַל צווישען אַלע אונזערע שוועסטער, זיי אויפמונטערען ביז זיי וועלען איינשטימיג צושטיין צו אונזער הייליגען בונד אונטערן דעוויז: „עבדו את ד׳ בשמחה״ און דעמאָלט — וקדשתם, איהר זאָלט הייליגען דאָס פופציקסטע יאָר!

טייערע שוועסטער! הייליג מוז פאַר אונז ווערען די נייע תקופה, וואָס דאַרף זיך אָנהויבען מיטן דערשיינען פונ׳ם יובל־נומער פון בית־יעקב זשורנאַל.

איהר דאַרפט פאַרשטיין, אַז דעם הייליגען גערדאַנק קאָן מען פיל לייכטער פאַרשפרייטען דורכן געדרוקטען וואָרט. דעריבער מוזט איהר זעהן צו פאַר־שפרייטען דעם בית־יעקב זשורנאַל אין אַלע קלענסטע שטעטלעך, אין אַלע ווינקעלעך, וואו אַ אידיש האַרץ קלאַפּט. ער איז דער איינציגער, וואָס רעדט אונז צום האַרצען, לערענט אונז צו פאַרשטיין דאָס הייליגע שליחות, וואָס מיר טראָגען אויף אונז, און דעם גרויסען פאַרטרויען, וואָס השי״ת האָט געהאָט צו אונז אָנטרויענדיק אונז דאָס כשרות, די הייליגע משפחה־געזעצען און טייערסטע, די קינדער־דערציאונג.

אָבער ליבע שוועסטער! באַגייסטערען זיך איז לייכט, אַז די באַגייסטערונג זאָל אָבער אָנהאַלטען יאָרן־לאַנג, ס׳גאַנצע לעבען — דאָס פעלט אונז אידישע טעכטער אממערסטען. איך רוף אייך דעריבער דורכן יובל־נומער: געדענקט, אַז דער אידעאַל איז נישט ווי אַנדערע אידעאַלען. דאָס איז אונזער לעבען, און דאַרף אונז באַגלייטען ביזן סוף פון אונזער לעבען!

---

# ארום אונזער וועלט־קאנגרעס

## ערב דעם קאָנגרעס

...און די אָרטאָדאָקסישע פרוי האָט דערוואַכט פון איהר לאַנגען לע־טאַרגישען שלאָף און הויבט זיך אָן צו אָרגאַניזירען. פון טאָג צו טאָג ווערט איר געזעלשאַפטליכע אַרבייט אַלץ אינטענסיווער, מיט שטאָלץ טראָגט זי אונזער אַלטע תורה־פאָהן, אַרום וועלכער עס קאָנצענטרירען זיך אַלע פרויען פון ישראל.

דעם היינטיגען חודש קומען זיך צונויף אין ווין די דעלעגאַטינס פון אַלע אידיש־רעליגיעזע פרויען, און וועלען שאַפען דעם וועלט־פאַרבאַנד פון אָר־טאָדאָקסישע פרויען. ערשט נישט לאַנג ווי מיר האָבען בלויז אין פוילען געשאַפען די בנות־אָרגאַניזאַציעס און שוין ווערט אויף דער הויכער קאָנגרעס־טריבונע דערהערט ווערען די מעכטיקע שטים פון דער אידישער רעליגיעזער פרוי. זי איז מער נישט איינזאַם, די אידיש דענקענדע בת ישראל, הן אין

איר דענקען הן אין איר שטרעבען. אין אַלע וועלט־עקען האָט זי פאַר־בינדעטע, נאָענטע און אינטימע אידייען־שוועסטער.

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז פיל פון אונזערע פרומע אידען וועלען דערויף קוקען אַביסעל קרום. הייליג איז דאָך ביי אונז אַלעמען דער אידעאַל פון „הנה באוהל״, און „כל כבודה בת מלך פנימה״! מיט חשד און פחד וועלען אַ טייל מסתמא באַטראַכטען אונזער קאָנגרעס, אַלס אָפּנויג, חלילה, פון ישראל סבא.

עס דאַרפען אָבער וויסען די זעלבע פרומע אידען, אַז די קאָנפערענצען פון אָרטאָדאָקסישע פרויען זיינען נאָר אַ פועל יוצא פון די סכנות, וואָס לויערען אויף אונזערע שוועסטער מצד די פאַרשיידענע פרייע ריכטונגען. „עת לעשות לד״ — פון דעם שטאַנדפונקט מוז מען באַטראַכטען אונזערע עפענטליכע אַרויסטריטען.

מיר הערען לעצטענס, ווי אויף די פאַרשידענע פרויען־קאָנגרעסען, וועלכע שטעלען זיך מכלומרשט פאָר אַלס די איינציגע פאָרשטייערינס פון דער אידישער פרויען־מאַסע, ווערט גערעדט און באַשלאָסען אַזעלכעס, וואָס שטייט אין פולער סתירה צום אידעאַל און שטרעבען פון דער אידיש־רעליגיעזער פרוי, און הגם קיינער האָט זיי דערצו נישט באַפולמעכטיגט, נעמען זיי זיך דאָך דאָס רעכט צו פראָקלאַמירען לאָזונגען געגען דעם גייסט פון אונזער תורה, און וואַרפען פאַלשע באַשולדיגונגען אויף אונזערע גדולי ישראל. אָט האָבען מיר ערשט נישט לאַנג געהערט, ווי עפּעס אַ פרויען־קאָנפערענץ האָט בנוגע דער עגונות־פראַגע און פרויען וואַל־רעכט געזאָגט און געשריבען אַזעלכעס, וואָס מיר אָרטאָדאָקסישע פרויען, וועלכע ווייסען גאַנץ גוט, וואָס עס הייסט „פרויען רעכט״, און אויך אונז איז גאַנץ נאָענט צום האַרצען דער גורל פון די אומגליקליכע עגונות — וואָלטען קיינמאָל נישט געזאָגט. מיר ווייסען, אַז די אידישע תורה און דער אידישער דין שטייט העכער פון אַלעמען. און דעריבער טוען מיר, רעליגיעזע פרויען, אַזוי גוט ווי רעליגיעזע מענער, זיך אונטערוואַרפען די אידישע תורה און דעם דין, וואָס איז תמיד נאָר אויסען אונזער גוטס און גליק.

אונזער קאָנגרעס איז צוליב דעם גופא אַ נחיצות אין דעם איצטיגען מאָמענט. פון אונזער טריבונע וועט מוזען געזאָגט ווערען דאָס דרייסטע וואָרט, אַז אַלע אַנדערע פרויען האָבען נישט דאָס רעכט צו ריידען אין נאָמען פון דער אידיש־רעגליגיעזער פרוי. די צילען, וועגען און אידעאַלען פון דער גרויסער אידישער פרויען־מאַסע מוזען קלאָר געמאַכט ווערען פאַר

דער גאַנצער וועלט. זאָל די אידישע וועלט טאַקע וויסען, אַז טויזענטער, צעהן־טויזענטער אידישע פרויען פון דעם גאַנצען כדור הארץ קלאַמערען זיך ווייטער ביי דעם אידישען דת און ווילען שפינען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון דער אידישער טראַדיציע.

אויך כלפי פנים וועלען מיר האָבען פיל פראָבלעמען צו לעזן. טהרת משפחה, לוקסוס און מאָדע, דערציאונג פון אונזערע יונגע קינדער, א. א. וו. דער אָנגעווייטיגטער פראָבלעם וועט אויך זיין, ווי אַזוי צו באַקעמפּען דאָס פאַריזער קינדער־סיסטעם, וואָס דרינגט אַלץ מער אַריין אין דער אידישער משפחה.

אונזער אויפגאַבע וועט אויך זיין צו געפינען וועגען און מיטלען, ווי אַזוי צו קעמפען פאַר דער שוץ פון דער אידישער טאָכטער און איר מאָראַלישער פאַרבעסערונג.

גרויס וועט אַלזאָ זיין דער טאָג, אין וועלכען מיר וועלען זיך צוזאַמענקומען און געמיינזאַם טראַכטען און זאָרגען, ווי אַזוי צו פאַרבעסערען דעם מצב פון דעם אידישען פאַמיליע־לעבען, און צוריק אַריינברענגען די קדושה אין יעקב׳ס געצעלט.

עס וועט אויך זיין אַ גרויסער קידוש־השם פאַר דער וועלט, דאָס וואָס אונזער קאָנגרעס וועט פאָרקומען אין דערזעלבער צייט, ווען עס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען די צווייטע „כנסיה גדולה״ פון אגודת ישראל. דער כבוד און אָנזעהן פון דעם אָרטאָדאָקסישען אידענטום וועט געשטאַרקט ווערען דערמיט, וואָס אין דעם זעלביגען מאָמענט, ווען עס וועט שאַלען דאָס קול פון געטרייקייט צום אלוקי ישראל דורך די בני ישראל, וועלען אויך די בנות ישראל אויסרופען צו דער אידישער אָרטאָדאָקסיע: מיר זיינען מיט אייך!

די גרויסע אלול־טעג פון דעם היינטיגען יאָהר, אין וועלכע עס וועט מקוים ווערען דער „בבנינו ובבנותינו נלך, כי חג לד׳ לנו״ וועלען פאַראייביגט ווערען אויף לדורות אַלס גרויסער יום־טוב פון דעם אויפלעבען פון גאַנצען אידישען פאָלק!

## נאָכן קאָנגרעס

מיר געפינען זיך אין דעם פראַכטפולען זאָל פון „בייערישען הויף״. אין דעם זעלבען זאַל אין וועלכען איך בין מיט 21 יאָהר צוריק געווען

הערען אַ פּאָרטראַג וועגען דעם דייטשען שרייבער הערדער. אַך, ווי גליקלעך איך בין דעמאָלט געווען זיך צו פּאַראינטערעסירען מיט דייטשער ליטעראַטור! אַ סך אידישע מיידלעך און פרויען זיינען דעמאָלט דאָ געזעסען און פאַר־גאַפט אויסגעהערט דעם פּרעלעגענט.

ווען האָט זיך דעמאָלט געקענט חלומ'ען, אַז מיט יאָהרען שפּעטער וועלען אויף דעם זעלביגען אָרט זיך צונויפזאַמלען אידישע פרויען פון אַלע עקען וועלט, און גאָר פּראָפּאַגאַנדירען דעם תורה־רעיון?

פון אַלע עקען וועלט, פון אַלע לענדער וואו עס קלאַפּט נאָך דער אידישער דופק זיינען מיר דאָ אַהערגעקומען. די אויפשריפטען „לא בחיל ולא בכח"... „ויעשו כולם אגודה אחת"... זאָגען גענוג עדות, אויף דעם וואָס עס דאַרף דאָ פּאָרקומען. דער ציל פון דעם צוזאַמענפּאָר איז „צו אָרגאַניזירען אַלע אידישע פרויען און מיידלעך פון גאָר דער וועלט אונטער דער פאָהן פון אגודת ישראל", פילט אָן יעדעס האַרץ מיט התלהבות און דערהויבענקייט.

פרוי גאָלדשמיט, די טאָכטער פון ד"ר לעווענשטיין פון ציריך, רופט די אידישע פרויען צו פאַראייניגטער אַרבייט פאַר תורה און אידישקייט. איר קול שאַלט מעכטיג, עס איז די שטים פון דעם אמת־אידישען פרויען־האַרץ, וואָס דרינגט אַריין אין די טיפענישען פון דער נשמה.

האַרציג און ריהרענד זיינען די וואַרימע ווערטער פון דער גערער רביצין. „כל התחלות קשות" — יעדער אָנהויב איז שווער, אָבער ווי שווער עס זאָל נישט זיין, מוז די התחלה געמאַכט ווערען! די פאַרזאַמעלטע הערען מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם אירע טיף־באַגייסטערטע רייד, וועלכע ריהרען ביז טרערען...

עס גייען אַרויף אויף דער טריבונע איינע נאָך דער צווייטער, דעלע־גאַטינס פון אַמעריקע, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך, בעלגיע, האָלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיי, א. א. יעדע רעדע איז דורכגעטראַכט און די רעזומע פון יעדער רעדנערין איז: לאָמיר זיך פאַראייניגען, אָרגאַניזירען צו העלפען דעם ליידענדען פאָלק ישראל! לאָמיר אָפּגעבען אונזערע פיזישע און גייס־טיגע כוחות צו לינדערען און היילען דעם אידישען צער! לאָמיר העלפען בויען ישראל'ס הויז!

* * *

מיר געפינען זיך אין אַן אינטימען קרייז ביי פרוי באנדי אין הויז, און דאָ איז פלוצלינג אומגעריכט אויפגעשוואומען די שייטעל־פראַגע. איינע פון די דעלעגאַטינס, אַ מעהר אינטעליגענטע פרוי, אַ לעהרערין פון ריגער מיידעל־גימנאַזיום, געפינט זיך אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע, בעת עס ווערט אַריינגעטראָגען דער פאָרשלאַג, אַז אַלע פרויען וואָס ווילען געהערען צום אגודה׳סטישען פרויען־פאַרבאַנד מוזען טראָגען שייטלען. זי איז זיך מודה ומתוודה, אַז זי טראָגט נישט קיין שייטעל, ווייל אין איר שטאָט געפינט זיך ליידער נישט קיין יונגע פרוי, וואָס זאָל טראָגען אַ שייטעל. זי ווערט אָבער נתפעל, ווען די דייטשע דעלעגאַטינס דערציילען איר, אַז אַלע יונגע רעליגיעזע פרויען אין דייטשלאַנד ,אפילו די געבילדעסטע און דיפּלאָמירטע, טראָגען שייטלען. די ריגער דעלעגאַטין באַשליסט תיכף ביי זיך אָנצוטאָן אַ שייטעל און דערפאַר נאָך צו פּראָפּאַגאַנדירען צווישען אירע באַקאַנטע פריינדינס.

* * *

הגם מיר זיינען פון פאַרשידענע לענדער און וואוינען צווישען אַלערליי פעלקער, פיהלען מיר זיך דאָך אַלע פאַראייניגט און צוזאַמענגעשלאָסען. ווער פאַראייניגט אונז? וועלכע שפּראַך בינדט אונז צונויף? עס איז דאָס אַלטע נביאים־לשון, דער אידעאַל פון אונזערע אבות, די שטרעבונגען פון אונזערע אמהות, דער גייסט פון דער הייליגער תורה! מיר זיינען די טעכטער פון ישראל. אויף אונז ליגט דער חוב צו זיין די „חכמת נשים בנתה ביתה״. „היום הזה נהיית לעם״ — אין דעם היינטיגען טאָג געהערען מיר אַלע צו דעם פאָלק ישראל, זיין תורה, זיין אַלטער קולטור. זאָלען מיר נישט געפאַלען זיין ביי זיך די איינצעלנע אידישע טעכטער אין די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין אַלע לענדער. זיי זיינען מעהר נישט איינזאַם. מיר זיינען אַ וועלט־פאַרבאַנד געוואָרען, און יעדע אמת־געטרייע אידישע פרוי דאַרף שטאָלץ זיין אויף איר אָנגעהעריגקייט צום אַגודיסטישען וועלט־פאַרבאַנד פון אידישע פרויען.

* * *

פיל, פיל האָט אונז דער ערשטער אַלטוועלטליכער פרויען־קאָנגרעס גע־געבען. ליידער האָבען אַ סך פון אונזערע בנות־פירערינס אין פוילען נישט געקענט אנטיילנעמען אין דעם דאָזיגען העכסט־אינטערעסאַנטען קאָנגרעס.

זייט אָבער זיכער, ליבע גייסטיקע שוועסטער, אַז דער קאָנגרעס האָט אייך דערמאָנט צום גוטען און די אַרבייט פון דעם קאָנגרעס איז געווען פאַר אונזער אַלעמענס גליק! לאָמיר פאַרשטאַרקען אונזער אַרבייט מיט מעהר ענערגיע און אָפּפערוויליגקייט — מיר זיינען שוין ב״ה אַ וועלט־פאַרבאַנד!

---

# אונזערע פיאָנערנס

## איינדרוקען און נאָטיצען פון די סעמינאַר עקזאַמענס אין זומער תרצ״א

צוויי און צוואַנציג לערערינס האָבען ווידער געענדיגט דעם סעמינאַר־קורס. ס׳איז באמת געווען אַ פרייד צו זעהן דעם גרויסען דערפאָלג, וואָס עס האָבען געהאַט די תלמידות. די געלונגענע תשובות אויף די געשטעלטע פראַגען זיינען געווען די שיינע פירות פון זייער אומדערמידליכען צוויי־יאָריגען פלייס אין סעמינאַר.

בעת דער שמחה האָט מיר אָבער פאָרט אַ פיינליכער רעיון באַהערשט: צי פיהלען באמת די דאָזיגע יונגע פיאָנערינס דעם גרויסען פאַרטרויען און די האָפענונג, וואָס איך און פיל אַנדערע לייגען אויף זיי אַרויף. צי פאַרשטייען זיי דאָס גרויסע אחריות, וואָס זיי נעמען אויף זיך יעצט אַלס דערציערינס פון אַ ניי יונג דור? וועלען זיי שפּעטער אויך ביישטיין די נסיונות מיט וואָס דאָס לעבען וועט זיי פּרואווען? און אַ שטילע תפילה האָט זיך אויף מיינע ליפען באַוועגט: אָ, גרויסער באַשעפער אין הימעל! העלף צו דיינע געטרייע קינדער אין זייער הייליגער אַרבייט! זאָלען זיי נישט דאַרפען צופיל געפּרואווט ווערען אין זייער נייעם וועג! זאָל ביי זיי מקוים ווערען די ווערטער פון אונזערע חכמים: „הבא לטהר מסייעין אותו״, זיי האָבען דאָך אַ גוטען רצון, העלף־זשע צו, רבונו של עולם, אַז פון דעם גוטען רצון זאָלען אַרויסקומען גוטע און שיינע מעשים!

* * *

די טיף ערנסטע שטימונג פון דעם בחינה־זאַל האָט זיי שוין נישט פאַר־לאָזען דעם גאַנצען טאָג. אין קליינע גרופּעס זיינען זיי זיך פונאַנדערגעגאַנגען,

איבערשמועסענדיג צווישען זיך וועגען גרויסען אחריות, וואָס דער כלל ישראל לייגט ארויף אויף זיי.

איך האָב זיי דערמאָנט אַ פּאָר געדאַנקען, וואָס איז מיט אַ יאָהר צוריק געזאָגט געוואָרען זייערע עלטערע חבר׳טעס בעת די בחינות:

„אַז איהר קענט לערנען און באַלערנען, דאָס האָבען מיר ביים עקזאַמען געזעהן. אָבער, אַז איהר וועט אויך קענען דערציען די יונגע אידישע נשמות, אָט די פראַגען האָט בשעת דער בחינה באַשעפטיגט אונזער האַרץ. מיר האָבען אין זינען געהאַט די יונגע כהנים אין בית המקדש. היינט, ווען דאָס בית המקדש איז ליידער חרוב, איז יעדעס אידישע הויז, יעדעס אידישע האַרץ — אַ בית מקדש... די כהנים האָבען געהאַט די פליכט צו היטען די קדושה פון דעם בית המקדש... און היינט ליגט אויף אייך די דאָזיגע היילינע פליכט! איהר גייט איצט אַרויס אין דער וועלט בויען מקדשים!

איידער דער כהן־גדול איז געגאַנגען טאָן די עבודה האָט מען איהם געפרעגט: „אפשר איז דאָ עפּעס פרעמדס אין דיין האַרץ? אָדער אפשר האָסטו נאָך נישט אַלץ געענוי אויסגעלערענט? ווען דו האָסט נאָך נישט אַלץ געענוי אַדורכגעלערענט באַשולדיגען מיר דיר נישט, אָבער אפשר איז עפּעס פרעמדס אין דיין האַרץ, וועסטו פאַראומווירדיגען דיין היילינע אַרבייט". איהר גייט איצט אַרויס אין דער גרויסער ווייטער וועלט, ריינע, קינדישע נשמות וועט מען איבערגעבען אין אייערע הענט. איהר דאַרפט די דאָזיגע יונגע ריינע נשמות אויסבילדען אַלס מענטש־ישראל. פון אייך איז אָפּהענגיג דער עתיד פון דעם יונגען דור. ווי שרעקליך וועט זיין אייער זינד, ווען אייער האַרץ וועט ח״ו נישט זיין אין גאַנצען ריין, אין גאַנצען איבערגעגעבען צו אונזער היילינען געדאַנק...

איך האָב זיי שוין נישט געוואָלט מעהר דערמאַנען. איך האָב געפיהלט דעם שטאַרקען איינדרוק, וואָס מיינע זכרונות האָבען אויף זיי געמאַכט. כ׳האָב נאָר פאַרענדיגט דערמיט, אַז איך האָף, אַז די אַלע געפיהלען, וואָס באַהערשען זיי אין דעם דאָזיגען מאָמענט, וועלען זיך טיף איינקריצען אין זייערע הערצער און ווען דער צייט־שטראָם וועט זיי וועלען, חלילה, מיט־רייסען זאָלען זיי זיך אָן דעם דאָזיגען מאָמענט דערמאַנען און דאָס קול פון נאמנות זאָל רופען צו זיי: האָט איהר פאַרגעסען, וואָס איהר האָט אייך אין האַרצען צוגעזאָגט, דאָרט אין ראַבקע, אין הויכען וואַלד?... שעהמט איהר אייך נישט!...

און ווידער אַ שטילקייט, מען הערט דאָס האַרץ־קלאַפּען פון יעדער איינ־

ציגער... בלי נשמע קולם — און פרוי וואַטשאַזש הויבט אָן צו ריידען מיט גליענדיגע הייסע ווערטער, זי דערקלערט זיי זייער גרויסע שליחות אַלס די פּיאָנערינס אין אַ נייער באַוועגונג, וועלכע דאַרף דעם אַלטען ציל, דאָס תורה־פּראָגראַם צוריק איינפיהרען אין דעם אידישען לעבען, יעדעס וואָרט קריצט זיך טיף איין אין די הערצער פון די יונגע צוהערערינס.

ווידער אַ שטילקייט. נאָר די לבנה קוקט זיך רואיק צו... און זיי מיינע ליבע תלמידות, ווי זיי וואָלטען געפיהלט, וואָס אין מיין האַרץ טוט זיך, האָבען זיך סטיכיש אָנגענומען פאַר די הענט, געמאַכט אַ גרויסען ראָד און מיט געפיהל געזונגען: „וטהר לבנו לעבדך באמת".

„וטהר לבנו לעבדך באמת" — האָבען מיינע ליפּען אויך געשעפּטשעט, ווידער איז אַ געדאַנקען־כוואַלע מיר באַפאַלען: צי דאַרפען נאָר אָט די קינדער דאָס צו וויסען, וועגען דעם צו בעטען? צי דאַרפען נישט אַלע אידישע מאַמעס יעדען טאָג זיך אָפּגעבען אַ דין וחשבון פאַר דעם אחריות פון זייערע קינדער? צי איז נישט באַהאַלטען אין זייער האַרץ אַ פרעמדער געדאַנק, אַז זייער קינד זאָל הויפּטזעכלעך זיין אַ מענטש צווישען מענטשען, אַ מאָדערנער, היינטיגער מענטש מיט אַ שטיקעל איד בלויז אַלס צוגאָב?...

און איהר אַלע איבעריגע אידישע מיידלעך, צי איז שוין נישט די העכסטע צייט, אַז איהר זאָלט פאַרשטיין, אַז אייער גליק איז נאָר אין אייערע אייגענע הענט? ווי אַזוי? אַלץ וואָס ס'איז פרעמד אַרויסרייסען, און די מצוות מיט גליענדיגער באַגייסטערונג דערפילן.

עבדו את השם בשמחה!

און די אויפגעוועקטע פייגעלעך האָבען, דאַכט זיך, פאַרוואונדערטע נאָכגעשעפּטשעט:

עבדו את השם בשמחה!

---

# אידישקייט און אידיש

דער נומער 62 פון „בית־יעקב" ליגט פאַר מיר. איך לייען די החלטות פון דער פאַביניצער קאָנפערענץ פון ט' טבת און זעה צווישען פאַרשידענע אַנדערע קעפּלעך, דאָס קעפּעל „אידישקייט און אידיש". און לייענענדיג די שורות, שטעלט זיך פאַר מיינע אויגען די גאַנצע פאַביניצער קאָנפערענץ

און איך הער די התלהבותדיגע ווערטער פון י. ל. אָרלעאַן, וועגען אידישקייט און אידיש לשון, און הער די אַפּלאָדיסמענטען פון אַלע פאַרזאַמעלטע אויף זיין פאָרשלאג, אַז אַלע דעלעגאַטינס זאָלען אויף זייערע ערטער מיט אַלע חברות ריידען נאָר אידיש דורך דריי חדשים.

צי האָט מען אָבער די דאָזיגע החלטה באמת איינגעפיהרט אין לעבען?

צי איז זיין שיינע כוונה פאַרשטאַנען געוואָרען? זאָלען זיך טאַקע אַלע... אַלע חברות אָפּגעבען דין וחשבון. די היינטיגע ספירה־טעג זיינען דאָך צום בעסטען מסוגל צו אַזעלכע חשבונות הנפש.

וואָרום, איך מיין, אַז יעדע חברה האָט פאַרשטאַנען, אַז די כוונה פון י. ל. אָרלעאַן איז נישט נאָר דריי חדשים, צו ריידען בלויז אידיש, און דערנאָך ווידער פויליש, נאָר ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב מען וועט דורך דריי חדשים באמת זעהן נאָר צו ריידען אידיש, וועט מען שוין אַזוי דערמיט צוגעוואוינט ווערען, אַז מען וועט שוין גאָר נישט קענען אַנדערש ריידען.

אָבער ס'איז אַ ווייטאָג! איך זעה גאָר אַ קליינע פּעולה פון דעם פאַבי־ניצער התלהבות ביי דעם ענין...

יאָ, מיין אַלט געשריי, אַז קומען אין התלהבות איז זייער לייכט, אָבער צו האַלטען דאָס התלהבות צו יעדער מצווה, צו יעדען מנהג, יאָהרען לאַנג, דאָס גאַנצע לעבען לאַנג, אַזוי לאַנג ווי הקב"ה גיט אונז כוח, נאָר לויט זיין רצון, אויסנוצען אין זיין דינסט — אָט דאָס, דאָס פעהלט אונז נאָך שטענדיג.

דערפאַר ווייסען שוין אויך אַלע, וואָס קענען מיך, אַז איך בין אַזאַ שונא פון אַלע מין אַפּלאָדיסמענטען... דאָס איז עפּעס אַ מין אויסענווייניג התלהבות, וואָס ברענט אין זאַל... אָבער באַלד, ווי מען קומט נאָר אויף דער לופט, ווערט עס אָפּגעקיהלט.

און איהר, מיינע אַלע לעהרערינס, בנות, בתי' און בית יעקב קינדער! איהר ווייסט דאָך יאָ, וואָס איך וויל, ווי אַזוי איך פאַרשטיי מיין דעוויז „עבדו את ה' בשמחה"! פאַרוואָס פאַרשאַפט איהר מיר אַזאַ שרעקליכען עגמת נפש?

פון אַ סך, אַ סך שווערערע זאַכען האָט איהר אייך אָפּגעוואוינט צוליב אונזער הייליגען אידעאַל — און גראָד דאָס אידיש ריידען איז אַזאַ שווערער קרבן פאַר אייך?

איך ווייס, איהר וועט מיר ענטפערען: מיר ווילן... נאָר...

אָבער איך זאָג, ווי דער ווילנער גאון זצ״ל: „וויל נאָר און דו וועסט ווערען אַ ווילנער גאון״.

ביי אַ פעסטען רצון מוז מען אַלץ אַדורכפיהרען, און צו דעם ברויך מען נאָר באמת ווען.

זאָל דאָס נישט ווי טאָן די, וואָס ריידען אַלע מאָל אידיש, נאָר טאַקע די, וואָס ריידען אָפט פויליש, צו מיין גרויס עגמת נפש. יענע וואָך האָב איך געמוסר׳ט אַ תלמידה, ווייל זי האָט גערעדט פויליש צו איר חבר׳טע. האָט זי געענטפערט: „די לעהרערין פון דער פוילישער שולע האָט געזאָגט, אַז דאָס אידישע לשון איז פאַר אונז דאָס זעלבע, וואָס דאָס פוילישע, ווייל זי איז דאָך נישט אונזער, נאָר עפּעס אַ זשאַרגאָן פון דייטש״. אָט מיט דעם גרויסען טעות מיין איך, טוט זיך אויך נישט מיין עלטערע אידישע טאָכטער פאַרענטפערען פאַר זיך.

וועגען דעם חשיבות פון אידיש וויל איך דאָ נאָר זאָגען אַ פּאָר געדאַנקען, וואָס מיין ברודער האָט אַרויסגערופען אין מיר.

דער „חובת הלבבות״ זאָגט, אַז דאָס לשון איז די פעדער פון האַרץ. מיר ווייסען, אַז דער שרייבער שרייבט מיט דער פעדער די געפיהלען פון דער טיף פון זיין האַרץ. נו, אַז ער רעדט אַ פרעמד לשון, זיינען דאָך די געפיהלען אויך פרעמד, ווייל דער דאָזיגער מענטש קלעהרט דאָך אויף אַ פרעמד לשון, — מיר מוזען דאָך וויסען, אַז דאָס אידישע לשון איז אונז שוין בלויז דערפאַר אַזוי טייער, ווייל אונזערע מאַמעס, זיידעס און עלטער זיידעס האָבען שוין גערעדט מיט דעם לשון. זיינען מיר שוין בלויז צוליעב פיעטעט פאַר אונזערע עלטערען מחויב צו ריידען אידיש, אָבער אַ חוץ דעם, איז טאַקע אידיש פאַר אונז הייליג, ווייל אַזויפיל צדיקים, אַזויפיל חסידים, אַזוי פיל גדולי הדור האָבען גערעדט זייט הונדערטער יאָהרען און ריידען נאָך היינט מיט דעם לשון.

די גמרא סנהדרין דף צ״ב דערציילט אונז: יוצק זהב רותח לפיו של אותו רשע — ס׳זאָל ווערען אַריינגעגאָסען הייס גאָלד אין דעם מויל פון דעם רשע, נבוכדנאצר — שאלמלא בא מלאך וסטרו על פיו — ווען עס וואָלט נישט געקומען דער מלאך און איהם געפּאַטשט מיט זיין האַנט — — ביקש לגנות כל שירות ותשבחות שאמר דוד ע״ה מספר תהלים — ער האָט געוואָלט פאַרמיאוסען אַלע שירות ותשבחות פון דוד המלך ע״ה. פרעגען די מפרשים: עס איז דאָך שווער צו פאַרשטיין, קען מען דען קלערען, אַז נבוכדנאצר האָט געקענט זאָגען שענערע שירים ווי דוד המלך. זאָגט איין

גרויסער למדן: ווייל נבוכדנאצר האָט געוואוסט, אַז די שירים פון דוד המלך וועלען אַדורכגיין דורך זיין מויל וועלען זיי פאַרלירען אַ טייל פון זייער קדושה, דורך דעם האָט ער זיי געוואָלט זאָגען, אַזוי ווי דער „אור החיים” הקדוש זאָגט, אַז ווען בלעם איז געגאַנגען בענטשען די אידען, האָט השם־יתברך געמאַכט אַ קינצליכען צווישענשייד צווישען זיין מויל און זיין דיבור, וואָס השם־יתברך האָט איהם געהייסען ריידען, כדי השם־יתברך׳ס הייליגע ווערטער זאָלען נישט אַדורכגיין דורך זיין שפל׳דיגען מויל. דאָס איז דער פשט: וישם ד׳ דבר בפי בלעם — השם־יתברך האָט אריינגעטאָן אַ קינצליכע זאַך אין זיין מויל, עס זאָל זיין אַ חציצה, אַ צווישען־שייד צווישען זיין טריפה מויל און די ווערטער, וואָס ער וועט ריידען גוטס און נביאות פאַר די אידען.

די גמרא לערענט אונז ווידער צו דעם „מדה טובה מרובה ממידת פורעניות” — אַ גוטע מידה טוט זיך מער פאַרווירקליכען, ווי אַ שלעכטע.

ממילא, אַז אַזויפיל צדיקים ריידען אידיש, איז זי ממילא הייליג. דאָס לשון איז אויך דער לבוש, דאָס קלייד פון דער נשמה. שוין אַזויפיל מאָל האָבען מיר וועגען דעם געשמועסט, אַז ביי אונז אידען מוז דאָס חיצוניות זיין פעסט פאַרבונדען מיט דעם פנימיות. אַזוי גוט, ווי דאָס צניעות׳דיגע אידישע קלייד און דאָס צניעות׳דיגע פירונג, איז דער בעסטער צייכען פון אַן אמת׳דיגער אידישער נשמה, אַזוי דאַרף אויך זיין דאָס לשון דערצו. איך ווייס, אַז נישט איינע פון מיינע קינדער וועט זאָגען: מען קען זיין פעסט אידיש און ריידען פויליש, איינס האָט נישט קיין שייכות מיט דעם צווייטען... אָבער דאָס איז נישט אמת. אַזוי ווי איך האָב געזאָגט, ווייל ביי אונז מוז גיין דאָס חיצוניות מיט דעם פנימיות.

על־כן ווענד איך זיך דאָ איצט צו אייך אַלע, וואָס איהר האָט ביז איצט אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך, צו ריידען פויליש צווישען זיך: נעמט פעסט אויף זיך, צו ריידען נאָר אידיש, אומעטום! שטענדיג אין אייער שטוב, אויף דער גאַס, און גאָר ספּעציעל אין בית־יעקב לאָקאַל! ווייזט אַז איהר זענט אמתע אידישע טעכטער. איהר שעמט אייך אין ערגיץ נישט מיט אייער אייגענעם אידישען לשון און עס וועט השם־יתברך זיכער צו יאָגען די גאולה.

און נאָך איין וואָרט.

נישט איינער פרעגט זיך, צו וואָס האָט געטויגט זיך עפּעס צו פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט אַ נייער אידישער אָרטאָגראַפיע. קען איך נאָר דערויף ענטפערען, אַז צוויי סיבות האָבען אונז דערצו געצוואונגען. ראשית שטאַמט די אַלגעמיינע

ביז־איצטיגע אָרטאָגראַפּיע פון די משכילים, ווי ד״ר שלמה בירנבוים טוט דאָס וויסענשאַפטליך באַגרינדען אין זיין בוך „אידישקייט און לשון״. און שנית, בפרט אין בית־יעקב און בנות־באַוועגונג האָט זיך געלאָזט פיהלען דאָס פאַרשידענקייט אין אידישען אויסלייג, כמעט אין יעדער פראָווינץ אַן אַנדערער אויסלייג, אונזער באַוועגונג מוז אויך האָבען איין אויסלייג. ווי איך האָב שוין געזאָגט, גיט דאָך די פעדער איבער דאָס לשון פון האַרץ, זאָלען מיר אויך אַלע שרייבען איינהייטליך, זאָל אויך דאָס כתב זיין אַ בולט׳ער אויסדרוק פון אונזער איינהייטליכען געדאַנק. „ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם״...

איצט — אַלע, אַלע מיינע לעהרערינס, בנות בתי׳ און בית יעקב תלמידות בפרט, איהר פון קראָקע, לאָדזש, וואַרשע, יאַראָסלאַוו, טאָרנע, לעמבערג, סטרי און בכלל דאָרטען, וואו איהר פיהלט דעם פעהלער פון ביז איצט, צופיל צו באַנוצען זיך מיט פויליש — נעמט אייך פעסט פאָר, פון היינט אָן צו ריידען נאָר אידיש און זיך צו רופען נאָר מיט אידישע נעמען! קלעהרט עצות ווי אַרום דאָס אויסצופיהרען. אפשר דורך אויסקלייבען אין יעדער גרופּע אַכטונג־געבערס, וואָס וועלען תחלת אָפּט דערמאַנען, אפשר אויף יעדען טריט גרויסע אויפשריפטען: „רעדט נאָר אידיש!״ אָדער וואָס איהר ווילט אַליין. נאָר לאָזט מיך שוין הערען די גוטע בשורה, אַז איהר האָט זיך דאָס פעסט פאָרגענומען, און איך ווייס דאָך, אַז אויב מען מיינט אמת, העלפט השם־יתברך.

הכלל, פּראָפּאַגאַנדירט אומעטום דאָס אידישע לשון!

אַזוי ווי מען ציילט יעדען טאָג ספירה, זאָל מען זיך יעדען טאָג געבען אַ דין וחשבון, צי האָט מען זיך דעם טאָג עפּעס געבעסערט אין דעם ענין „אידיש״. און בעהשי״ת וועלען מיר זיך זיכער אַלע, אַלע לשנה הבאה צוזאַמען קומען אין ירושלים.

# פופצעהן יאָר בית־יעקב

קראָקע, אדר ראשון, תרצ״ב.

**פופצעהן** יאָהר איז שוין אַוועק זינט עס איז געלייגט געוואָרען דער יסוד צו דער ערשטער „בית־יעקב״ שול.

איך פאַרטיף זיך אין די זכרונות פון דער דאָזיגער אָפּגעלאָפענער צייט און עס שווימען פאַר מיר אויף פאַרשידענע פאַקטען און געשעהענישען. אײדער אָבער איך וועל זיי פּרואווען מסדר זיין, וויל איך דאָ איבערגעבען פאָלגענדען בריוו, געשריבען צו מיר פון רומעניע, וואָס הויבט זיך אָן אַזוי:

ז. ג. פרוי שענירער!

„אין גייסט זעה איך ווי איהר דרייט מיין בריוו אין אַלע זייטען און ווייסט גאָר נישט ווער עס שרייבט צו אייך דעם דאָזיגען בריוו.

דאָס איז דערפאַר ווייל מיין נאָמען קלינגט אייך גאַנץ פרעמד.

איך וויל אייך אַלזאָ צום אַלעם ערשטען דערמאנען אין מיין מוטער רחל גראָס פון טשערנאָוויץ און דערנאָך אין מיר. בעת דער וועלט־מלחמה אין יאָהר תרע״ד זיינען מיר געוועזען אין ווין. יעדען טאָג האָבען מיר כמעט זיך צוזאַמענגעטראָפען אין דער שטומפּער שול ביי די פאָרטראַגען פון הרב פלעש. איך בין דעמאָלט געוועזען אַ יונג מיידעל און ווען זי האָבען מיך געפרעגט אויב איך האָב אינטערעס פאַר די דאָזיגע פאָרטראַגען, האָב איך געזאָגט, אַז יאָ. האָט איהר מיר געזאָגט, אַז איהר האָט אַ וואונטש צו גרינדען אַ אידישע טעכטער־שולע און איהר האָט געבעטען מיין מוטער זי זאָל אייך איבערלאָזען דאָס ספר „מנורת המאור״, וואָס זי האָט גראָד געהאַלטען אין דער האַנט. ווען מיר זיינען שפּעטער יעדער אָפּגעפאָהרען אַהיים, האָט איהר זיך נאָך מיט מיין מוטער קאָרעספּאָנדירט. מיט יאָהרען שפּעטער האָב איך חתונה געהאַט פון קאָלאָמיי און זייענדיג ביי די שוויגער־עלטערען האָב איך אויך באַזוכט די דאָרטיגע „בית־יעקב״־שול און אַהיים גענומען צו אונז אַ פּאָר „בית־יעקב״־זשורנאַלען. איך בין געוועזען מלא שמחה ביים לייענען אייערע אַרטיקלען. איך האָב באַדויערט, וואָס ביי אונז אין רומעניע ווערט אויף דעם געביט גאָרנישט געטאָן״.

דער דאָזיגער בריוו האָט מיר אַוועקגעטראָגען אין די עלטסטע זכרונות פון אונזער „בית־יעקב״־באַוועגונג. אָט איז עס די פּערזאָן, וואָס כ׳האָב

צום ערשטען געזאָגט וועגען מיין חלום, ווייל ווי אַן אמתער חלום האָט עס ביי מיר אויסגעזעהן.

חשוון תרע״ז.

איך ניי קליידלעך פאַר אידישע טעכטער, איך פרעג זייערע מאַמעס אויב זיי וואָלטען מיר געוואָלט אָפּגעבען זייערע קינדער, כדי צו ברענגען נוצען זייער נשמה. די מוטערס גייען איין דערויף. איך דינג מיר אַ קליינטשיק שטיבעל ביי אַ פיינער אידישער פרוי און איך גיב די ערשטע לעקציע צו 25 אידישע טעכטערלעך. איך הויב זיי אָן צו דערציילען, וואָס עס איז אַ ברכה מאַכען. כ׳זאָג יעדער מענטש איז מחויב צו מאַכען אַ ברכה ווען ער גייט עסען פון גאָטס מתנה, אויב נישט איז ער אַ גזלן. צומאָרגענס קומט צו מיר אַ מוטער און דערציילט מיר מיט דער גרעסטער שמחה, אַז נעכטען האָט איר זעקס־יעריג טעכטערעל באַמערקט ווי דאָס פינף יעריגע ברודערל האָט געטרונקען וואַסער אָן אַ ברכה. זי האָט צו אים אַ געשריי געטאָן:

— „גנב! אַז מען טרינקט גאָטס וואַסער מוז מען מאַכען אַ ברכה״.

יעדען טאָג קומען צו פרישע קינדער זיך איינשרייבען. אָט קומט אַ חסידישער איד איינשרייבען זיין טאָכטער און פרעגט: וואָס ווילט איהר דאָ אייגענטליך אויפטאָן? איך ענטפער, אַז איך וויל די קינדער נישט נאָר אויסלערנען דאַווענען, ווייל דאָס וועלען זיי קענען אָן מיר אויך. איך מיין דער עיקר זיי צו באַגייסטערען פאַר אידישקייט. דער איד איז צופרידען פון מיין תשובה און ווערט דער ערשטער מיטהעלפער פון דער שולע. — אָבער נישט לאַנג לאָזט מען אונז מנוחה אין דעם קליינעם שטיבעל. דער בעל־הבית פון הויז וויל נישט האָבען קיין שולע אין זיין הויז און מיר מוזען אַרויס.

מען דינגט אַ צווייטען לאָקאַל און דערנאָך אַ דריטען, דאָ וואו איך וואוין איצט. אַכציג קינדערלעך זיינען היינט אונטער מיין האַנט. עס קומען אָבער כסדר צו פרישע תלמידות. איך קאָן מיר אַליין נישט קיין עצה געבען, איך אַנגאַזשיר דאָס מיידעל ,וואָס האָט מיר פריער געהאָלפען ביים נייען. — איך האָב שוין 280 תלמידות אָן ע״ה, און איך זעה איין, אַז איך וועל אַ טייל פון זיי מוזען פאַרנאַכלעסיגען. וואָס טוט מען? נעמען פון אַן אַנדערער שול לעהרערינס האָב איך נישט געוואָלט. איך קלויב אַלזאָ אויס צוויי פון מיינע פלייסיגסטע שילערינס און שטעל זיי אַוועק ביי דער קאַטעדרע און

זיי לערנען. זיי זיינען קוים אַלט 13 יאָהר, אָבער זיי פאַרשטייען די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ליגט אויף זיי.

עס גרינדעט זיך אין יאָהר תרע״ט, אַן אגודה אין קראָקע. ר׳ מאָטל לוקסענבורג, דער פאָטער פון דער שילערין, וועגען וועלכע איך האָב שוין דערמאָנט, לייגט פאָר קודם־כל זיך צו נעמען פאַרגרעסערען מיין שולע. עס קומען ר׳ מאיר ראַפּאַפּאָרט, ר׳ משה דייטשער און ר׳ מאָטל לוקסענבורג און לייגען פאָר איבערצונעמען די שולע אונטער זייער הנהלה. זיי ווילען איבערנעמען אַלע געלט־זאָרגען. איך בין זיך מיישב מיטן באָבאָווער רבי׳ן און ער איז דערצו מסכים. די אגודה נעמט איבער די לייטונג און לאָזט איבער־בויען די דירה. די צאָל שילערינס פאַרגרעסערט זיך. איך שטעל צו צו דער קאַטעדרע פרישע צוויי יונגע שילערינס. — עס באַזוכען די שולע פאַרשידענע עסקנים. עס קומט צו פאָהרען ר׳ אשר שפּירא, מ׳פּרואווט די תלמידות. זיי נעמען שטאַרק אויס, ר׳ אשר שפּירא שענקט איין שילערין 2 האָלענדישע גילדען און מיר גיט ער 10 גילדען זאָגענדיג: דאָס געלט זאָל זיין אַ יסוד פאַר אַ בית־יעקב בנין". מיר אַלע שמייכלען פון דעם. אין דרויסען בושעוועט די מלחמה און מיר קלעהרען וועגען בויען... אָבער ר׳ אשר שפּירא מיינט עס גאַנץ ערנסט. ער פאָהרט דעריבער קיין אַנטווערפּען און ווען ער קומט צוריק תרפ״ג רוהט ער טאַקע נישט ביז ער הויבט אָן צו בויען. ער לאָזט זיך דערוויל באַנוגענען מיט אויפשטעלען איין שטאָק, כאָטש אויף אויגוסטיאַנסקאַ 30. אַכט גרויסע ליכטיגע צימערען גוט איינ־געריכטעט. דער חלום הויבט זיך אָן צו פאַרווירקליכען.

דער קראָקעווער „בית־יעקב" איז אָבער דערוויל שוין נישט קיין אויסנאַם. אין טאַרנאָוו און אָסטראָוויעץ האָבען נאָך אין יאָהר תרפ״א געגרינדעט אַזאַ „בית־יעקב"־שול. נישט געווען אָבער קיין לערערינס. די עסקנים האָבען אָבער דורכאויס פאַרלאַנגט, און איך האָב געמוזט אַלזאָ מיינע יונגע לערערינס אַוועקשיקען אין דער וועלט אַריין פאַרשפּרייטען אונזער אידעאַל. — דער היינטיגער לובלינער רב שליט״א באַזוכט די שולע און זעענדיג דעם מאַנגעל אין לערערינס שיקט ער פון זיין שטאָט אַהער אידישע מיידלעך צו לערנען זיך אַלס לערערינס. זיי לערנען זיך מיט מסירת נפש, נישט דערעסען און נישט דערשלאָפען. דער אידעאַלער רצון איז אָבער אַלץ גובר און זיי ווערען טאַקע שפּעטער אַ ברכה פאַר דער באַוועגונג.

* * *

אלול תרפ״ד.

אין קראָקע קומט פאַר די צענטראַל־ראַט־זיצונג פון דער אַלוועלטליכער „אגודת ישראל״. די אויסלענדישע געסט באַזוכען די שולע און באַשליסען אַריינצונעמען די „בית־יעקב״ אַרבייט אין כלל פון „קרן התורה״. ד״ר דייטש־לענדער אָנערקענט די גרויסע באַדייטונג פון דער זאַך און ער רופט צוזאַמען אַ בית־יעקב קאָנפערענץ אין וואַרשע.

ד׳ אדר תרפ״ה.

די ערשטע בית־יעקב קאָנפערענץ אין וואַרשע. איך געדענק נאָך דעם באַגייסטערטען רעפעראַט פון הרב לעווין. די רעדעס פון ד״ר דייטשלענדער, ר׳ איטשע מאיר לעווין, פרידמאַן און פרידענזאָהן וואָס האָבען גערעדט אַזוי פייערדיג איבער „בית־יעקב״. דערנאָך איז געקומען דער באַריכט פון ר׳ אשר שפירא, וואָס זאָגט: אין יאָהר תרע״ז איז אין קראָקע געגרינדעט גע־וואָרען אַ בית־יעקב שולע מיט 25 תלמידות. תרע״ט האָט די שולע איבער־גענומען די „אגודה״, און זי האָט יעצט שוין געציילט 280 תלמידות. תר״פ איז שוין געווען 300, און אין יאָהר תרפ״א האָבען זיך אויף דער פראָווינץ געגרינדעט 4 שוהלען אין וועלכע עס האָבען געלערענט 940 קינדער. תרפ״ב — ניין שוהלען, תרפ״ג — 13, תרפ״ד — 28; סך־הכל 54 שוהלען. די רעזאָלוציעס האָבען געזאָגט: 1) אויסבויען די קראָקעווער שולע צו אַ דערוויילינגען לערערין סעמינאַר און אַלס לערען־קראַפטען צוציען אויסלענדישע פעדאַגאָגישע דאָצענטען; 2) איינאָרדענען יעדעס יאָר 2 חדשים׳דיגע פאָרט־בילדונגס־קורסען פאַר די שוין אַמטירנדיגע לערערינס; 3) גרינדען אַ סעמינאַר־היים אין קראָקע אַלס די צענטראַלע פאַר די גאַנצע פעדאַגאָגישע און טעכנישע בית־יעקב אַרבייט.

אב־אלול תרפ״ה, ראבאָוו.

איך זעה שוין פאַרווירקליכט די החלטה פון דער וואַרשעווער קאָנפערענץ. די פאָרטבילדונגס־קורסען ווערען דערהויפט געפיהרט דורך אונזערע ברידער אין דייטשלאַנד. איך צווייפעל אין אָנהויב צי די אויסלענדישע אָרטאָדאָקסען זיינען אין גאַנצען פאַסיג פאַר דעם חסידישען שטייגער אין פוילען. אָבער ווען איך זעה ד״ר דייטשלענדער, ד״ר ערענטרוי, פרל. ראָזענבוים און פרל. מאַנעס און איך הער זייערע לעקציעס, זייער עכט־אידישען התלהבות און איבערגעגעבענקייט — ווער איך פול מיט פרייד און האָפענונגען.

דער ערשטער פאָרטבילדונגס—־קורס ענדיגט זיך בכי־טוב און עס פאַנגט זיך אָן די נייע אַרבייט. נייע 36 תלמידות פון אַלע עקען פוילן לערנען זיך איצט אין דער קראָקעווער בית־יעקב שולע. עס פּראַקטיצירען אין דער אַרבייט פרל. ראָטשילד פון ציריך, דערנאָך פרל. ראָזענבוים און שפעטער פרל. לאַנדסבערג. זיי אַרבייטען מיט מסירת נפש און ברען. זיי ווייסען זייער גרויסע ראָל. עס קומט דערנאָך פאָר שבט תרפ״ז די ערשטע בחינה פון סיסטעמאַטישען לימוד. מען איז אַנטציקט פון דעם אויסגעצייכענטען פאָרטשריט, וואָס די תלמידות האָבען איצט געמאַכט. דאָס באַגייסטערט און פילט אָן מיט גוטע האָפענונגען. עס ווערט איצט געעפענט 26 נייע שוהלען און מ׳הויבט אָן פאָדערען לערערינס. עס מעהרען זיך אויך די קאַנדידאַטינס אַריינצוקומען אין אונזער לערערין־שולע, אָבער ס׳איז נישטאָ קיין אָרט. מיר קאָנען זיך קיין עצה נישט געבען און עס ווערט נאָך וואָס אַמאָל ערגער. דאָס אַלץ פיהרט ענדליך צו דער גרונדשטיין־לייגונג פון סעמינאַר־בנין.

אדר תרפ״ז.

עס קומט פאָר די ערשטע קאָנפערענץ פון „בנות אגודת ישראל״ אין לאָדזש. איך בין צו דער קאָנפערענץ נישט געפאָהרען, ווייל איך האָב גע־צווייפעלט צי עס וועט געלונגען צו געווינען אויך עלטערע מיידלעך פאַר אונז. אָבער לויט די גרוסען וואָס איך האָב דערנאָך געקראָגען, האָב איך מיר איבערצייגט, אַז עס האָט זיך איינגעגעבען ווי אַמבעסטען.

ט״ז אלול תרפ״ז.

עס זיינען דאָ טויזענטער מענטשען פון קראָקע און דער סביבה מיטן קראָקעווער רב בראש, דער ועד הפועל פון דער אַלוועלטליכער „אגודה״, הרב לעווין, הרב פנחס כהן, ר׳ יעקב ראָזענהיים, ד״ר דייטשלענדער א״א. אַלע זיינע באַגייסטערט פון דער גרויסער שעה, וואָס הייסט לייגען אַ יסוד פאַר די דערציערינס פון אונזער פרויען־דור. איך ציטער און שיק אַ שטילע תפלה צום אויבערשטען, אַז ער זאָל די אַרבייט פיהרען אין גוטען וועג.

עס ציען זיך פאַר מיינע אויגען די בילדער פון דער ווייטערער אַרבייט. די פאָרטבילדונגס־קורסען אין יאָרדאַנאָוו (2 מאָל), אין ראַבקע (3 מאָל) און די ווייטערע „בנות״ קאָנפערענצען אין לאָדזש, פּאַביניץ און וואַרשע, מיינע באַזוכען אין די נייע „בית־יעקב״ שוהלען, ווי איך מאַך קלאָהר דעם ציל און וועג פון אונזער חינוך. און דערצו די אויפלעבונג פון „בית יעקב״

זשורנאַל און „קינדער־גאָרטען״ — דאָס אַלץ מאַכט דעם בעסטען רושם און גיט גוטע הבטחות אויף דער צוקונפט. און אָט גראָד איז דאָס היינטיגע יאָהר כמעט ווי פאַרענדיגט געוואָרען דער 5 שטאָקיגער סעמינאַר־בנין און 120 תלמידות אָן ע״ה פון אַלע עקען פוילן לעבען דאָ אונטער איין דאַך, האָבענדיג אַלע באַקוועמליכקייטען און הצטרכות׳ן.

איצט, ווען ס׳איז שוין אָפּגעלאָפען פופצעהן יאָהר פון דער קליינער התחלה ביז צו דעם היינטיגען מצב, — קען איך אַלזאָ צופרידען זיין, געלויבט השי״ת. נישט מעהר פון צייט צו צייט גנב׳עט זיך מיר אַריין אַ ספק צי די אַלע פרישע תלמידות וועלען זיין אמתע אידעאַליסטינס אַזוי ווי די ערשטע און נישט מיינען די בלויזע פרנסה... אָבער ווען איך דערמאָן זיך די גוטע דערפאַרונגען פון 15 יאָהר, קומט מיר דער מאמר חז״ל אויפן זינען: „בן חמש עשרה לגמרא״ — צו 15 יאָהר קומט מען שוין צום מצב פון לערנען און פאַרשטיין דעם שווערסטען חלק פון דער תורה — גמרא — דאָס הייסט, אַז מע ווערט שוין דעמאָלט געוויס רייף. לאָמיר אַלזאָ האָפען, אַז אויך אונזער אַרבייט איז שוין אַ גענוג רייפע און קלאָרע פאַר אַלע און השי״ת זאָל געבען, אַז די אמתע אהבת ויראת ד׳ פון די „בית יעקב״ תלמידות זאָל זיין לשם ולתפארת פאר דעם גאַנצען כלל ישראל, אמן.

# דאס אידישע יאהר

## שבת און די פרוי

ווען הימעל און ערד און אַלץ אויף זיי זיינען דורך דעם געטליכען וואָרט באַשאַפען געוואָרען, האָבען זיך אַלע באַשעפענישען געשטעלט צום דינסט פון דעם בורא. אויך דער מענטש, דער בחיר־היצירה, איז דורך דעם באַשעפער גערופען געוואָרען צום לעבען און ווירקען, אָבער זיין עבודה האָט געדאַרפט זיין פון טיפער איבערצייגונג, פריי פון אייגענעם ווילען, אומ־באַצוואונגען.

כדי דער מענטש זאָל נישט פאַרגעסען אַז זיין באַשעפער דעם אמתן בעל־הבית, וואָס האָט איהם די ערד איבערגעגעבען מיט איר צו פאַרוואַלטען; כדי ער זאָל זיך נישט דערקלעהרען אַלס דער אַליין־הערשער אויף דער גרויסער וועלט און זי פיהרען לויט זיינע געזעצען; כדי ער זאָל נישט בלאָנדזשען ביים באַהערשען אַזאַ גרויסע וועלט, מיט איין וואָרט, כדי דעם מענטש תמיד צו דערמאַנען, אַז זיין אויפגאַבע איז צו זיין אַן עבד ד׳ — איז די גאַנצע בריאה דורך גאָט באַשענקט געוואָרען מיט דעם זיבעטען טאָג, דעם הייליגען שבת. אָט דער טאָג איז באַשטימט געוואָרען פאַרן מענטשען צו אַ קדושה און ברכה. צו קדושה: דער טאָג זאָל אים דערמאָנען, אַז גאָט האָט אים צו זיין דינסט באַשאַפען, און צו אַ ברכה: דער טאָג זאָל קרעפטיגען זיין גוף און זיין נשמה און אים פאָרברייטען צו טראָגען זיין הייליגען באַרוף.

שבת איז דער טאָג אין וועלכען דער באַשעפער האָט זיך פון זיין אַרבייט צו דער אומזעהבאַרער אָנפיהרונג צוריק געצויגען און די וועלט צום פאַר־וואַלטער איבערגעגעבען. שבת איז אַ דענקמאָל פון גאָטס ממשלה און מענטש־ליכען באַרוף.

ששת ימים, זעקס טעג זאָלסטו דיין מלאכה טאָן, אָבער דער זיבעטער טאָג איז שבת, אַ רוה טאָג צו דיין באַשעפער. אין דעם טאָג זאָלסטו קיין שום אַרבייט נישט אויספירען.

די וועלט־באַהערשונג דורכן מענטש ווייזט זיך אַרויס אין דעם, וואָס ער אַרבייט מיט אַלע באַשעפענישען און נוצט זיי אויס צום אייגענעם געברויך;

צום עסען, קליידען זיך וכדומה. דעריבער זאָלסטו נאָר זעקס טעג אין דער וואָך אַרבייטען, די וועלט באַהערשען, אין זיבעטען טאָג טאָרסטו קיין אַרבייט נישט טאָן. דערמיט באַווייזטו, אַז דער טאָג איז ניש דיינער, און די אַלע באַשעפענישען, וועלכע דו באַנוצט אַזוי פריי אַ גאַנצע וואָך — זיינען אויך נישט דיינע. אין דעם טאָג גיב די וועלט צוריק דיין באַשעפער און וויז דערמיט, אַז דו האָסט זי בלויז אויסגעבאָרגט פון זיין האַנט. דעריבער איז די קלענסטע מלאכה, וואָס דו טוסט אין שבת אַן אָפּנויגונג פון דעם אַלעם, אַ פאַרלייקענונג חלילה פון דעם באַרוף מענטש־ישראל.

שבת איז אַן אות, אַ צייכען פאַר אַלע צייטען, אַז דער אַלמעכטיגער איז באַשעפער און הערשער פון דער וועלט און דער מענטש מיט זיין גאַנץ פאַרמעגען איז נאָר צו זיין דינסט באַשטימט געוואָרען. שבת איז „מועד״, אַן אויסגעקליבענער טאָג פון דער גאַנצער וואָך. שבת איז „קודש״, צייט־הייליגטום, וועלכעס הויבט ווידער אויף דעם מענטש צו גאָט, אויב ער האָט אין משך פון דער וואָך עפּעס פאַרגעסען און זיך פון אים דערווייטערט. שבת איז „ברית״, אַ בונד, אַן אָפּמאַך צווישען גאָט און מענטש. דער מענטש, וואָס רעדט זיך איך, אַז די וועלט איז זיינע און ער קען טאָן, וואָס איהם געפעלט, האָט דאָס לאַנד מיט השי״ת צעטיילט.

שבת איז אויך אַ „ברכה״, וועלכע גיט ליכט פאַר אונזער גייסט, וואַרימקייט פאַר אונזער געמיט, און כוח די אַלע גרויסע און הייליגע אידישע פליכטען, זיי צו קענען דערפילען. פונקט ווי שבת איז מקבל פון דער גאַנצער וואָך, ווי עס שטייט: „מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת״ (ווער עס גרייט זיך אָן פאַר שבת האָט צו עסען אום שבת), אַזוי איז שבת אויך דער גרויסער משפיע, ווי מיר זאָגען אין שבת׳דיגען זוהר: „כל ברכאן דלעילא ותתא ביומא שביעאה תלין״. (אלע ברכות וואָס קומען פון אויבען און אונטען, הענגען אָפּ אין דעם זיבעטען טאָג). שבת האָט אין זיך די גרויסע ברכה וואָס גיט אונז גייסטיגע און קערפּערליכע כוחות אויף אַ גאַנצער וואָך.

* * *

ענליכעס זעען מיר ביי דער אידישער פרוי. זי נעמט טאַקע נאָר דאָס, וואָס איר מאַן ברענגט אַהיים און גיט איר אויפצוהאַלטען דאָס הויז, אָבער זי איז, פונקט ווי דער שבת, די ברכה פון דעם הויז. זי, נאָר זי, קאָן די קינדער אַזוי דערציען, אַז זיי זאָלען מיטן גאַנצען כוח, מיט אַלע מחשבות השי״ת דינען. זי, נאָר זי, קאָן יעדען טאָג איהרע טעכטער און זין מיטן תורה־

פלאָם אַדורכגליען, אַז קיין שום פרעמדער איינפלוס זאָל זיי פון עכטען אידישען וועג נישט קאָנען אַראָפּפיהרען.

אָבער דעם כוח צו אַזאַ באַגייסטערונג קאָן זי נאָר פון געגויעם שבת־היטען ציען, ווייל שבת איז דאָס האַרץ פון ישראל.

ליידער זעען מיר היינט אַ סך טרויעריגע פאַקטען ווי אידישע מאַמעס דערלויבען זייערע טעכטער צו גיין שבת אין דער שולע. עס טרעפט אַפילו, אַז טעכטער פון גאַנץ אידישע הייזער גייען שבת אַרבייטען אין די ביוראָס.

אָ, איהר אידישע מאַמעס! איהר היטערינס און טרעגערינס פון אייער געטליכען באַרוף, וואָס עס אַנטהאַלטען אין זיך די ווערטער „כה תאמר לבית יעקב״: ווי קענט איהר צוליב אייער טאָכטערס פאַרדינסט פון די פאָר גראָשען פאַראומהייליקן דעם שבת, לייגען אין אייער האַנט אויפן געטליכען אייגענטום, און זאָגען: „עס איז מיין״!?

און איהר אידישע טעכטער, צי האָט איהר אייך באַקלעהרט, אַז מיט דעם, וואָס איהר גייט פאַרדינען אין שבת, פאַרלייקענט איהר אין גאַנצען אייער נאָמען און באַוויזט, אַז דער מענטש האָט נאָר חיה׳שע צילען: באַזיץ און געניוס? אָבער וואָס דער נאָמען ישראל באַדייטעט ווייסט איהר גאָר־נישט!

איהר ישראל׳ס טעכטער! איהר האָט געזאָלט זיין עדות פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז דער באַרוף פון מענטש איז צו דינען גאָט — צי ווילט איהר אָט דעם טייערסטען אוצר פון ציון, פאַר וועלכען אייערע אבות זיינען גע־גאַנגען אויף די שייטערהויפענס, פאַר דאָס שמוציגע געלט פאַרטוישען? צי מיינט איהר דען, אַז אום שבת פאַרדינטע געלט וועט פאַר אייך זיין אַ ברכה? קען דען אַ ברכה פון אַ קללה אַרויסקומען? יאָ, איהר וועט זאָגען, אַז מען מוז האָבען פרנסה, צי פאַרשטייט איהר אָבער דען נישט, אַז אַ לעבען אָן אַן אידעאַל האָט קיין שום ווערט נישט! צי פאַרשטייט איהר דען נישט אַז דער וועלט באַשעפער, וואָס הייסט אום שבת רוען האָט גענוג פרנסה פאַר אַלע?

אָט, זעהט, ווי השי״ת האָט גוט געקענט דעם שוואַכען מענטש, אַז ער האָט באַלד דעם ערשטען פרייטאָג טאָפּלטע חלקים מן אַראָפּגעשיקט, כדי די שוואַכע זאָלען נישט דאַרפען זאָרגען פון וואַנען מען נעמט אויף שבת.

שבת, ברידער און שוועסטער, היט איהם געטרי, און געזונט וועט בלייבען דאָס האַרץ פון ישראל.

„איין שבת ווען ישראל וועלען אָפּהיטען — און משיח וועט קומען״!

# אונזערע הכנות צום יום־הדין

זינט ראש חודש אלול אָן רופט יעדען טאָג דאָס קול פון שופר צו אונז: שטייט אויף! דערוואַכט איהר שלאָפענדיגע! דער יום־הדין איז דאָך שוין אַזוי נאָענט!

מיט שרעק פרעגען מיר זיך: וואָסערע הכנות האָבען מיר שוין געמאַכט צו דעם פאָרכטיגען יום־הדין?

די ערשטע תפילה, וואָס מיר הויבען אָן אין דער ראש השנה־דיקע שמונה־עשרה איז: „זכרנו לחיים, מלך חפץ בחיים, וכתבנו בספר החיים, למענך אלקים חיים".

זכרנו לחיים, השי"ת זאָל אונז געבען כוח דאָס ערדישע לעבען צו פאַראייניגען מיט מעשים, וואָס זיינען נוצלעך פאַר דער מענטשהייט. למענך, — ווייל זיי זיינען פאַר דיר, כדי שנעשה רצונך, און דעמאָלט איז דאָס אַ ריכטיג לעבען, מלך חפץ בחיים, — ווי דער מלך מלכי המלכים ווינטשט דאָס זיך.

ווי אַרום קומט מען אָבער צו אַזאַ לעבען? מיט וואָס קען מען זיך פאָרבערייטען דערצו?

אין ספר „תפארת שלמה" געפינען מיר:

דער עיקר הכנה צו ראש השנה איז, אַז עס זאָל הערשען צווישען אידען אחווה וריעות, ווי אונזער גרויסער משורר זאָגט אין תהלים (לד) מי האיש החפץ חיים, אוהב ימים לראות טוב. נצור לשונך מרע ושפתיך מדבר מרמה. סור מרע ועשה טוב, בקש שלום ורדפהו". מיר זעען, עס שטייט נישט: החפץ בחיים, ווער עס זוכט פרייד אין לעבען, נאָר — החפץ חיים, ווער וויל דאָס לעבען, צו דערגרייכען דעם אמתדיגען ציל. אוהב ימים לראות טוב — ועלכער האָט ליב די טעג, און יעדען אויגענבליק צו זעהן גוטס, פריי־ליכקייט און לעבענס־לוסטיגקייט. עס שטייט נישט ביי אונז, ווי ביי די נישט־אידישע אָנשויאונגען, אין געגענזאַץ צו יראת השם, נאָר פונקט פאַר־קערט, מיט די זאַכען קען מען גיכער דערגרייכען צו יראת השם.

דאָס דערגרייכען קען מען, קודם־כל, מיט „נצור לשונך מרע". מען מוז דאָס וואָרט און דאַדורך דעם געדאַנק זעהן און באַהערשען. נישט ריידען לשון־הרע אויפן צווייטען. און דאָס פאַרלאַנגט פון אונז שטענדיג אַכטונג צו געבען אויף זיך, דאָס דאַרף זיך אָנהויבען מיטן באַהערשען די צונג.

„ושפתיך מדבר מרמה״ — דער אמת דאַרף שטענדיג זיין אין אונזער ריידען; דאָרט וואו מיר ווילען קיין גוטס נישט זאָגען, זאָלען מיר זיך לערנען די נישט־לייכטע קונסט פון שווייגען (הירש). דער צווייטער וועג בכדי צו דערגרייכען יראת ה׳ הייסט: „סור מרע״. האַלט זיך ווייט פון שלעכטען, היט זיך פון אַלעם וואָס קען דיר ברענגען דערצו. מאַך דיר גדרים אפילו אין דערלויבטע זאַכען און — ועשה טוב. פאַרזוים נישט קיין שום געלעגענהייט, ווען דו קענסט עפעס גוטס טאָן. עשה — נישט גענוג בלויז אַ רצון, נאָר טאַקע ממש בפועל, טו גוטס.

צום ערשטען מוז זיין „סור מרע״, און דערנאָך ערשט „ועשה טוב״. מען טאָר נישט די עבירות גוטמאַכען דורך מצוות, פון איין זייט זינדיגען און פון דער צווייטער — טאָן מצוות. עבירות ווערען נאָר דעמאָלט פאַרגעבען, בעת זיי קומען אין דער האַנט אַריין און מען טוט זיי נישט, — אָבער נישט דורך מצוות.

ערשט דעמאָלט ווען מיר האָבען אונזער פליכט געגען דעם באַשעפער ערפילט, איז „בקש שלום ורדפהו״, דאַרף מען אויך זוכען דעם שלום מיט מענטשען — איהם נאָך־יאָגען, אַפילו ווען עס זאָל קאָסטען קרבנות. מיר טאָרען אָבער בשום־אופן נישט דעם „סור מרע ועשה טוב״ אַ קרבן ברייגגען פאַר דעם שלום, מיר מוזען גרייט זיין אפילו מיט דער גאַנצער מענטש־הייט אין פיינטשאַפט צו לעבען, בעת זיי שטערען אונז מיטן גרויסען און הייליגען באַשעפער אין שלום צו בלייבען...

אין ספר „תפארת שלמה״ ווערט ווייטער וועגען דעם געבראַכט: „בחצוצרות וקול שופר הריעו לפני המלך ד׳״ (תהלים צח, ו). — הריעו איז פון לשון „ריעות״ ליבשאַפט, אַז איהר וועט האָבען אהבה וריעות אין דער צייט ווען עס הערט זיך דער קול פון שופר, וועט איהר זוכה זיין צו זיין לפני המלך ד׳, און קיין שום קטרוג וועט דאָ נישט שאדען.

„חצוצרות״ איז אַן אינסטרומענט, וואָס רופט מענטשען צו מענטשען, מיטן שופר רופט השי״ת דעם מענטש, און דער מענטש רופט ווידער אין גאָטס נאָמען צו אַלע זיינע מיט־מענטשען צו פאָלגען איהם און דינען איהם געטריי.

דער אידישער אמת דאַרף לערנען די פעלקער, אַז מיט די חצוצרות, מיטן רוף צו מענטשען, דאַרף מען פאַרבינדען דעם קול שופר, דעם רוף פון דעם באַשעפער.

ווילען מיר, אַז השי״ת זאָל אונזער רוף הערען, און אונזערע ערדישע

ענינים העלפען, מוזען מיר צוערשט זיין רוף הערען, אַלע אונזערע ענינים צו אָרדענען לויט זיין רצון, אונטער דעם שופר־קול אויף דעם באַרג סיני. זאָל ער אונזער העלפער זיין, מוז ער פריער אונזער קעניג ווערען, לפני המלך ה׳.

אַז מיר האָבען שוין די ריכטיגע הכנות צום גרויסען יום־הדין געמאַכט, טאָרען מיר נישט פאַרגעסען, אַז עס איז גלייכצייטיג פאַר אונז אַ יום־הזכרון, אַז אַלע אונזערע געדאַנקען, ווערטער און מעשים פון אַ גאַנץ יאָהר ווערען אויבען דערמאָנט. ער איז אויך אַ יום־הזכרון, אַז איין איד זאָל געדענקען צו בעטען פאַרן צווייטען, ווי עס זאָגען אונזערע חכמים: „אַז מען בעט פאַרן צווייטען, ווערט מען אַליין פריער געהאָלפען״.

אויף וואָס דאַרף מען אַממערסטען בעטען?

„אחת שאלתי מאת ד׳ אותה אבקש, שבתי בבית ד׳ כל ימי חיי״. — דעם פסוק זאָגען מיר מיט באַגייסטערונג פון ראש חודש אלול ביז שמיני עצרת, יעדען טאָג נאָכן דאַווענען.

מיר פאַרשטייען, אַז דוד המלך האָט נישט געמיינט ווערטערליך אַ גאַנצען טאָג צו זיצען בבית ד׳, אפילו די כהנים זיצען דאָך אויך נישט דאָרט אַ גאַנצען טאָג. ער האָט געוואָלט, אַז אומעטום, אויף יעדען אָרט, וואו ער וועט זיצען, זאָל זיין הייליג, ווי אין בית השם. אַזוי ווי עס שטייט אין דברים: „כי ד׳ אלקיך מתהלך בקרב מחנך... והי׳ מחניך קדוש״. אונזער גאַנץ לעבען דאַרף זיין קדוש, אַן אָפּשפּיגלונג פון דער קדושה בבית ד׳.

אין יום־הזכרון דאַרפען מיר אויך אַנדערע געדענקען. מיינע בנות, בתי׳ און בית־יעקב טעכטער דאַרפען זייער ליבשאַפט און פריינטשאַפט צו זייערע שוועסטער באַווייזען מיטן ווייזען זיי דעם אמתדיגען וועג צו יראת שמים, צו תשובה, צו וועלכע מען קען ערשט דורך ווידוי, חשבון הנפש און חרטה צוקומען. צוערשט אָבער מוזען מיר זיך אַליין באַאַרבייטען, אַ גאַנצע אמתע תשובה צו טאָן, און דעמאָלט צו דער אַרבייט.

צו דער אַרבייט מיט אונזערע דערוויטערטע שוועסטער, און פריער נישט רוען, ביז מיר וועלען זיי אַלע אונטער אונזער תורה־פאָהן איינזאַמלען.

דערביי טאָרען מיר נישט פאַרגעסען אויך אָן דעם געדרוקטען וואָרט, וועלכעס טוט אונז אַ סך צוהעלפען. דערפאַר איז אַ הייליגער חוב אויף אַלע אונזערע בנות, בתי׳ און בית־יעקב־קינדער אונזער איינציגען אָרגאַן „בית־יעקב״ און „קינדער־גאָרטען״ אין אַלע אידישע שטיבער צו פאַרשפּרייטען.

און דעמאָלט, ווען דאָס וועט אונז געלונגען, וועלען מיר זיכער אום

יום־כיפור די גאַנצע טהרה און כפרה דערגרייכען און מיר וועלען מיט אמתדיגער שמחה די סוכה בויען און די מצווה „והיית אך שמח״ מיטן גאַנצען האַרצען מקיים זיין.

און אונזער בנות־דעוויז: „עבדו את ד׳ בשמחה״! וועט ווערען דער דעוויז פון אלע אידישע טעכטער און פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק.

* * *

דער חודש תשרי, אין וועלכען עס פאַלען אויס די באַדייטענדיגסטע אי־דישע ימים טובים, הויבט זיך אָן מיט ראש השנה. דאָס איז דער ערשטער טאָג פון יאָהר, וואָס דאַרף אונז דערמאנען אין אונזערע פליכטען, וועלכע דאָס אידענטום לייגט אויף אונז אַרויף, און מעורר זיין צו קדושה, טהרה אין דער עבודת ד׳ במשך אַ גאַנץ יאָהר

אין דעם גרויסען טאָג גייען פאַר אונזערע אויגען אַדורך אַ סך פרויען־געשטאַלטען, ווי: שרה, חנה, רחל, וועלכע זיינען פאַר אונז אַ לימוד מיט זייערע לעבענס־געשעהענישען.

אָט איז אונזער מוטער שרה, וואָס האָט אַזוי געגאַרט צו האָבען אַ קינד, פון וועלכען עס זאָל אַרויסקומען דאָס פאָלק ישראל. ווען די מלאכים זיינען צו איר געקומען אָנזאָגען די בשורה, אַז איר וואונטש וועט דערפילט ווערען, האָט זי, די אַלטע ניינציג־יאָריגע פרוי, וואָס האָט זיך שוין מייאש געווען פון דעם געדאַנק — זיך צעלאַכט. זי האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי דאָס איז ביי איר עלטער מעגליך. אָבער ווען זי האָט דערנאָך יאָ געבוירען אַ זון האָט זי ערשט איינגעזעהן איר טעות. „צחוק עשה לי אלקים, כל השומע יצחק לי״ — יעדער וועט לאַכען און נישט גלויבען, אַז איר האָפענונג איז אויף אַזאַ אומנאַטירליכען אופן מקוים געוואָרען. זי זעהט אויך, אַז דאָס פאָלק, וואָס וועט אַרויסקומען פון איר קינד וועט זיין פאַר דער וועלט אומ־פאַרשטענלעך און תמיד ביטער אויסגעלאַכט ווערען. איר אָבער, אַרט דאָס נישט. אדרבא, זי זעהט דערין דאָס גרויסע שליחות, וואָס אירע קינדער האָבען אויסצופיהרען אין דער פעלקער־משפחה, געיאָגטע און אויסגעלאַכטע. גראָד „בראש השנה נפקדה שרה״ — אין ראש־השנה איז זי געהאָלפען גע־וואָרען מיט איר זון יצחק, וואָס באַדייט לאַכען. אין ראש־השנה איז איר דערוויזען געוואָרען ווי נישטיק און קליינליך עס זיינען דעם מענטשענס חשבונות אקעגען גאָטס רצון. דער ערשטער טאָג אין יאָהר דאַרף אין דעם איד אַיינוואָרצלען די דאָזיגע איבערצייגונג, און זאָל אַ גאַנץ יאָהר אַלע זיינע

מעשים ריכטען אין גייסט פון דער דאָזיגער הכרה, כאָטש זי ווערט אַזוי דורך דער אַרומיגער וועלט אויסגעלאַכט און באַקעמפט.

אונזער מוטער שרה האָט מיט דעם דאָזיגען עפּיזאָד אין ראש־השנה אויס־געפיהרט אַ וויכטיגע ראָל אין דעם לעבען און דענקען פון אירע קינדער. אידישע טעכטער דאַרפען זיך אין דער הינזיכט פיל לערנען ביי אונזער מוטער שרה, ווי אַזוי די דאָזיגע אידייען אין די יונגע הערצער איינצופלאַנצען כדי עס זאָלען פון זיי שפּעטער אַרויסוואַקסען יצחק׳ס.

וואָס יצחק איז אַזוינס געוועזען, לייענען מיר טאַקע אויך אום ראש־השנה: „אחר הדברים האלה״. נאָכדעם ווי יצחק איז אויפגעוואַקסען און פאַרשטאַנען, וואָס זיינע עלטערען, אברהם און שרה, האָבען מיט איהם געלערענט, באַווייזט זיך גאָט צו אברהמ׳ען און הייסט איהם זיין געליבט קינד מקריב זיין פאַר אַ קרבן. אברהם וואַקעלט זיך נישט אַפילו אויף אַ רגע, נעמט גלייך זיין אַזוי־שטאַרק געליבטען זון יצחק׳ן, און פיהרט אים צום הר המוריה, כדי אים דאָרט מקריב צו זיין צו גאָט. יצחק, וואָס איז אַזוי יונג און האָט נאָך כמעט נישט פאַרזוכט פון דעם לעבענס־בעכער וויסט וואוהין ער גייט, און דאָך צווייפעלט ער בכלל נישט, צי ער זאָל דערפילען גאָטס רצון, און ער טראָגט נאָך אַליין דאָס האָלץ, מיט וועלכען מען דאַרף אים פאַרברענען.

ווען מיר שטוינען אַלזאָ פון יצחק׳ס אומגעוויינליכער גרויסקייט און אייזערנעם מוט צו דערפילען גאָטס רצון, קאָנען מיר שוין האָבען אַ באַגריף, ווי שטאַרק און פעסט עס האָט געמוזט אויף אים זיין די השפעה פון זיין מוטער שרה. ווי טיף אירע אידייען האָבען זיך אין זיין האַרץ פאַרוואָרצעלט, אַז ער איז גרייט געווען יעדע רגע זיך מוסר נפש צו זיין פאַר גאָט און אַוועקגעבען זיין יונג לעבען אים צו דינען.

אום ראש־השנה ווערט ביי אונז קלאָר אָנגעוויזען, ווי אַזוי מיר דאַרפען זיך פיהרען בנוגע אונזער קינדער־חינוך אַ גאַנץ יאָהר, און וואָס מיר דאַרפען אין זייערע הערצער איינפלאַנצען, כדי זיי זאָלען ווערט זיין צו זיין, קינדער פון אונזערע גרויסע אבות.

לאָמיר טאַקע דערפון לערנען וואָס מעהר.

# אין דעם חודש חשון

און אַוועק איז שוין דער ערנסטער חודש תשרי און איך בין זיכער, אַז די האַרציגע שופר־קלאַנגען וועלען אַלע מיינע שוועסטער דאָס גאַנצע יאָהר באַגלייטען און זיי כסדר צו הייליגער אַרבייט רופען.

און ווייסט איהר מיינע ליבע בנות־שוועסטער, וואָס ווידער דער שטילער חודש חשון פאַרלאַנגט פון אייך?

אין ספר מלאכי (ג. פ־טז) איז געשריבען: „אז נדברו יראי ד׳ איש אל רעהו, ויקשב ד׳ וישמע ויכתב בספר זכרון לפניו ליראי ד׳ ולחושבי שמו״. — „דעמאָלט ווען עס ריידען גאָטס־פאָרכטיגע צווישען זיך איינער צום אַנדערען, פאַרנעמט דאָס גאָט און הערט זיך צו און פאַרצייכענט זיי אין ספר זכרון פון די יראי השם, און צווישען די, וואָס ווילען חשוב מאַכען זיין נאָמען.

דער חודש חשון איז שוין דאָ, און מיט אים די לאַנגע ווינטער־נעכט. זאָלען־זשע די בנות־חברות פון יעדען אָרט געדענקען צו שפענדען אַ שעה צוויי אין די דאָזיגע לאַנגע נעכט און טראַכטען ווי אַזוי די בנות־אָרגאַניזאַציעס צו שטאַרקען און פאַרפעסטיגען.

יאָ, לייכט איז צו זאָגען, אָבער שווער, זייער שווער איז אויסצופיהרען, — ווערט נישט איינע מיר ענטפערען. אָבער לאָמיר נאָר אַ קוק טאָן:

אויך אין דער היינטיגער צייט, ווען אונזערע ימים־טובים זיינען נאָר אַ שוואַכער אָפּקלאַנג פון די פריערדיגע צייטען, בעת מיר זיינען געווען אין אונזער הייליג לאַנד, ווי די שמחת בית־השואבה אין סוכות איבערהויפּט, איז גאָרנישט אין אַ מענטשליכער שפּראַך איבערצוגעבען. דאָך מיין איך, האָט איר אַלע געפיהלט אין שמחת־תורה, דאָס התלהבות וואָס הערשט ביי אידען און טאַקע ביי חסידישע אידען נאָך מעהר.

ווייל די געמיינזאַמע שמחה, וועקט כסדר, פרישט אויף דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל, און דעמאָלט פאַרגעסט דער איד זיינע אַלע פּריוואַטע זאָרגען פון טעגליכען לעבען.

אַלזאָ, אָט צו דעם פרייליכען געמיינזאַמען לעבען, צו געמיינזאַמע שמחות, זאָלט איר אייערע באַקאַנטע קרייזען צוציען.

איר קענט דאָך היינט פיל שוין ב״ה פון אייגענער איבערצייגונג דער־קלערען, וויפיל גליק, וויפיל שמחה עס גיט אַזאַ צוזאַמענלעבען, לאָמיר אַלס ביישפּיל נעמען דעם פאַקט, וואָס עס ווערט דערציילט אין ספר שמואל:

„ווען די שבטים האָבען געמיינזאַם געצויגען קיין שילה, צום הייליגען אָרט, האָט אַן איינצעלנער מענטש גאָרנישט געשפּילט קיין ראָלע, דער יחיד איז פון אלגעמיינער באַגייסטערונג באַאיינפלוסט געוואָרען און פול מיט התלהבות צוריק געגאַנגען אַהיים. אָבער, ווען די וועגען קיין שילה זיינען געוואָרען פּאַרוויסט, ווען די בני־ישראל האָבען לײדער זייער גליק נאָר אין זייער עשירות געזעהן, דעמאָלט ווען אלקנה גייט אַליין מיט זיין ווייב און קינד קיין שילה און גייט מיט אַזאַ ערנסט, מיט אַזאַ שמחה, אַז פון זיין באַגייסטערונג צינדט זיך אָן אַ פלאַם אין האַרץ פון יעדען באַקאַנטען, אָדער שכן, וואָס זיי טרעפען אויפן וועג, און יעדער גייט שוין מיט זיי, — אָ, זאָגט שוין גאָט: אַז דאָס אויפגיין פון אלקנה באַדייט אַ גאַנץ נייע עפּאָכע אין ישראל׳ס געשיכטע. אויך חנה ווערט אזא באַריהמטע פרוי דאַדורך און זיי האָבען די זכי׳ צו האָבען אַ זון שמואל, וועלכער האָט צוריק געגעבען דעם אידישע פאָלק זיין אַלטען גלאַנץ״.

נו, ווייסט איהר שוין, מיינע ליבע, וואָס יעדע פון אַייך קען ווערען? איך האָב עס שוין געזאָגט: ווערען אַ חנה!

אָבער וואָס זאָל מען דערצו טאָן?

קודם לערנען. נאָר די אומוויסענהייט טוט אונזערע טעכטער פאַרפיהרען און מאַכט זיי אַזוי לייכט בלאָנדזשען אויף פרעמדע וועגען. קודם לערנט! לערנט מיינע שוועסטער, די הייליגע תורה, פאַרטיפט אייך אין די רייד פון אונזערע נביאים. פאַרטראַכט אייך אין דער חכמה פון אונזערע חכמים, לערנט דינים, תפילה, באַקענט אייך מיט דער געשיכטע פון אייער פאָלק.

לערנט אידישע טעכטער, לערנט, כדי דער אידישער גייסט זאָל אויפלעבען אין אייך און זאָל אייך באַגייסטערען צו ווערען אַ חנה. מיט יעדען ביסעל אידיש וויסען, וואָס איהר באַרייכערט אייער וועזען, הויבט איהר אויף אַ שטיין פון די חורבות פון בית־המקדש און איהר שאַפט אַ נייעם ציגעל צו דער מויער פון נייעם בית־המקדש, וואָס וועט שוין אייביג שטיין.

לערנט אידישע לימודים! שפּאָרט אייך אָפּ פון די אַנדערע כלומרשטע פאַרגעניגענס, באַגרייפט דעם ווערט פון אידיש וויסען! געדענקט, נאָר די אידישע לימודים זיינען די אמתדיגע שפּייז פאַר אונזער אידישען גייסט.

זאָלען פאַר אייך זיין אַ ביישפּיל די פּרויען פון די פריערדיגע דורות מיט וועלכער באַגייסטערונג זיי האָבען זייערע אידישע פליכטען דערפילט און אַפילו זייער לעבען אַלס קרבן געבראַכט. און פון וואַנען האָבען זיי דאָס זייער התלהבות געשעפּט? זיכער נישט פון די פרעמדע ביכער, וועלכע

מיר קענען נאָר אַ ביסעל דולדען, ווייל מיר זיינען אין גלות, אין יעדער מינוט פון זייער ליידיגער צייט האָבען זיי זיך פאַרטיפט אין אַ „צאינה וראינה", „מנורת המאור", „קב הישר", „לב טוב" און „קיצור שולחן ערוך"... דערמאנט אייך דעם עפיזאָד פון מיין טאָג־בוך, ווען איך האָב אין ווין די ערשטע דרשה געהערט, האָב איך די גאַנצע צייט נאָר געטראַכט: אוי, ווי נעם איך דאָ אַהער מיינע פוילישע חבר׳טעס, זיי זאָלען אויך מיין גליק פיהלען.

אַזוי אויך איהר, מיינע בנות־שוועסטער! יעדע זאָל זעהן פון איר באַקאַנטען קרייז כאָטש איינע צו געווינען, איר כסדר ווייזען ווי אַ תורה־לעבען, איז אַ לעבען פון גליק, קלעהרט אויף, ווי קיין איינע פון די פרייע פיהלט זיך נישט גליקליך, כאָטש זי זאָגט: ס׳איז מיר גוט, ס׳איז מיר וואויל... איך קאָן דאָך אייך פון צענדליגער פאַקטען דערציילען, ווי אַזעלכע „פרייע" האָבען זיך פאַר מיר מתוודה־געווען, אַז זיי פיהלען זיך אומגליקליך.

נו, און יעצט ווילען מיר נאָך זיך צוריק קערען צו אונזער פארבילד, צו אונזער אלקנה. צי מיינט איהר, אַז אַ בלויזער אלקנה, וואָלט געקענט האָבען אַזאַ שמואל, ווען זיין פרוי וואָלט נישט אַ חנה געווען?

צי קענט איהר נאָך צווייפלען, וואָס אַ פרוי קען טאָן, ווען איהר טוט אַדורכ־לערנען און פאַרטיפען זיך אין די תפילה פון אַ חנה, וועלכע איז פאַראייביגט געוואָרען אין אונזער ספר הספרים.

אָבער, איהר מוזט געדענקען מיינע ליבע, אַז נישט בלויז צום לערנען רוף איך אייך, נאָר אויך צו דערפילען אונזערע אידישע פליכטען און נישט שעהמען זיך מיט זיי...

אָט דאָס איז אייער חשון־אַרבייט, מיינע ליבע בנות!

חשון איז אונזער ווערביר־חודש. עס הייסט, מיר דאַרפען טראַכטען מיט אַלע כוחות, וואָס ברייטערע קרייזען ,באַוואוסטזיניג צו מאַכען פאַר אונזער באַוועגונג. אויך מוז אין דעם חודש געפיהרט ווערען די תרומת חברה־אַקציע. יעדע חברה און יעדע, אידישע פרוי, מוז באַזיצען דעם איינ־ציגען צייכען פון אָנגעהעריגקייט צו „בנות אגודת ישראל". תרומת־חברה איז אויך דער צייכען פון זיין אָנגעשלאָסען אין דער וועלט־באַוועגונג פון אגודת ישראל. דורך דער תרומת־חברה קאָנען מיר ציילען די גרויס פון דער צאָל, וואָס פאַראייביגען זיך אַרום אונזער היסטאָרישער פאָהן.

---

# חנוכה

דער יום־טוב חנוכה ווערט אויפגענומען פון תמיד אָן אַלס ליבער גאַסט אין דער אידישער משפחה, ווייל חנוכה איז אַ יום־טוב פון געמיטליכקייט און וואַרימקייט. ווי באַלד עס באַווייזען זיך נאָר די חנוכה־ליכטלעך, שטעלט זיך אַרום זיי אַוועק די גאַנצע משפחה און אַלע דערשפירען אין זיך דעם גייסט פון די חשמונאים־העלדען און די גרויסע נסים וואָס אונזערע עלטערען האָבען אַמאָל איבערגעלעבט.

מיר דאַרפען, אָבער וויסען, אַז יעדעס דור האָט זיינע העלדען, הגם נישט תמיד, ווייזען זיי אַרויס זייער העלדישקייט מיט דער שווערד אין דער האַנט.

חנוכה איז קודם־כל אַ פאַמיליע־יום־טוב און דערנאָך ערשט אַ פאָלקס יום־טוב.

פון דעם קליינעם דערפעל מודיעין, גייען אַרויס די העלדישע פינף ברידער פון די חשמונאים און צינדען אָן די קנויט פון ישראל, וואָס האָט שוין שיער געהאַט זיך אין גאַנצען אויסגעברענט, ווייל דער אויל פון אמונה האָט אויפגעהערט צו פליסען... אין אַ סביבה פון ברידער געצענדינער, זעען מיר מיט שטאָלץ דאָס אויפהויבען פון אַ פאָר יחידים, די ריינע אמונה פאָהן. „מי כמוך באלים ד׳״ זעען מיר מיט פייערדיגע אותיות אויסגעצירט אַלע זייערע מלחמה־פעהנער.

ווער האָט זיי, די העלדישע קינדער געשטאַרקט, געגעבען אַזאַ פייער־דיגען ווילען און אַזאַ טיפען גלויבען צו שטעלען זיך אויף אַזאַ מורא׳דיגען מלחמה־פראָנט ?

דער אַלטער מתתיהו האָט אויפגעפלאַקערט דאָס ריינע אידישע התלהבות ביי זיינע קינדער, דער ערשטער איז אַרויסגעטראָטען זיין העלדישער זון יהודה, ווי אַמאָל זיין עלטער־זיידע יהודה בן יעקב, וועלכער האָט אויף זיך גענומען דאָס ערבות. ווען איין משפחה איז נאָר דורכגענומען געוואָרען מיטן אמונה־באַוואוסט זיין צו ווערען פיאָנערען אין קאַמף פאַרן פאָלק, זיינען שוין צוגעקומען אַ סך משפחות און נאָר אַזוי אַרום איז די גאַנצע נאַציע געראַטעוועט געוואָרען.

אויך היינט האָבען אונזערע חכמים געשטעלט דעם טראָפּ אויף צו פייערען קודם־כל אַ משפחה־פייערונג „נר איש וביתו״. דאָס אידיש ליכט וואָס

שיינט אין דער משפחה, פיהרט צום שיינען פון ישראל׳ס ליכט ביים גאַנצען פאָלק.

* * *

לייענען מיר די הפטורה פון שבת־חנוכה, באַקומען מיר ערשט אַ ריכטיגען באַגריף פון דעם יום־טוב חנוכה. דער נביא זכרי׳ דערציילט אונז זיין מערקווירדיגען חלום מיט דער גאָלדענער מנורה, די רעהרלעך און די איילבירטען און דער באַדייט פון חלום איז „לא בחיל ולא בכוח כי אם ברוחי״. — נישט אין מאַכט און נישט אין קראַפט באַשטייט דער אידישער כוח, נאָר דורכן גייסט — זאָגט גאָט, לעבט דאָס אידישע פאָלק.

די אידישע מנורה לייכט איבער אַלע פינסטערע מאָמענטען אין דער מענטשען— געשיכטע. ישראל׳ס קוק אויפן לעבען איז תמיד געווען זיטלעך ריין, פול מיט קדושה. דער איד ציהט זיין לעהרע נישט פון געקינסטעלט אנגעלייגטע קאַנאַלען, נאָר פון מקור אַליין. די אידישע השקפה איז אייגענ־אַרטיג און אָריגינעל און דעריבער, גלייכט עס זיך נישט אויס מיט אַנדערע פעלקער, וואָס זייער קיום באַזירט אויף גאַנץ אַנדערע יסודות.

* * *

אריינקוקענדיג אין די חנוכה־פלעמלעך, קענען מיר גאַנץ אָפען זעהן אַז אונזער גאַנץ וועזען באַשטייט נאָר „ברוחי״. דער עיקר איז זיך צו באַמיען מיט אַלע כוחות, אַז יעדעס אידישע הויז זאָל ווערען אַ בית־אל. אין „איש וביתו״ איז אויך פאַראַן אַ רמז אויפן בנין המקדש „איש״ מיינט מען גאָט, און „בית״ מיינט מען דאָס בית המקדש. פון די חנוכה־טעג מוזען מיר אָבער אַרויסגיין געשטאַרקט מיט האָפענונג און מעהר פון אַלץ זיך נעמען צו אַרבייטען פאַר דעם באַנייען דאָס אידישע לעבען לויט אונזערע אַלטע אידעאַלען.

אין די חנוכה־טעג מוזען מיר אויך פאַרשטאַרקען אונזער אַרבייט פאַרן חינוך, פאַר אונזער חינוך־הבנות.

שוועסטער! לאָמיר אָנהויבען אַ באַנייטע מיט טיפערער אמונה באַוואוסט־זיניגע אַרבייט, פאַר אונזער הויכען רעיון, לאָמיר געדענקען: לא בחיל ולא בכוח כי אם ברוחי אמר השם!

* * *

יעדעס יאָהר, ווען מיר צינדען אָן די חנוכה־ליכטלעך און פאַרטראַכטען זיך איבער זייערע כוונות און באַדייט, פיהלען מיר זיך אין עפעס אַ גאַנץ

אַנדערער וועלט, אין דער וועלט פון אונזערע חשמונאים, זיי דערמאָנען אונז אָן די גרויסע מלחמות פאַרן אידישקייט, וואָס אונזערע עלטערען האָבען געהאַט אויסצושטיין, און זיי געבען אין אונז אַריין פרישע גייסטיגע כוחות, כדי ווייטער צו קעמפען פאַר דער גאַנצקייט פון דער אידישער תורה און אירע מצוות.

אין די פלעמלעך פון די ליכטלעך, וואָס ברענען שוין זינט אַ פּאָר טויזענט יאָהר, פינקעלט אויף דאָס אייביג־בלייבענדע פייער, וועלכעס די חשמונאים האָבען אָנגעצונדען אין די אידישע הערצער און וועט קיינמאָל נישט פאַרלאָשען ווערען. די גליענדיקע שטראַלען, וואָס עס האָט אַרויס־געלאָזט דער אַלטער מתתיהו, כדי מיט זיי צו דערוואַרימען און באַגייסטערען די הערצער פון טויזענטער אידען צו קעמפען און שטאַרבען פאַר זייער אמונה, פאָלק און טראַדיציע — וועלען קיינמאָל זייער קראַפט נישט פאַרלירען.

אַכט ליכטלעך צינדען מיר. אַכט גרויסע ליכט־טרעגער פון דעם אידישען פאָלק שוועבען אונז דעמאָלט פאַר די אויגען, און עס דאַכט זיך, אַז זיי שטייען פאַר אונז, אָט די גייסטיגע פיהרער, מיט זייערע פלאַמענדיגע אויגען און גליענדיגע הערצער און דערציילען אונז וועגען דער באַגייסטערונג און שמחה, וואָס זיי פיהלען דעמאָלט.

אָט שטעלט זיך פאַר אונז, דער ערשטער, אונזער עלטער־זיידע אברהם. איינער אַליין צווישען טויזענטער געצענדינער, דערקענט ער דעם גרויסען וועלט־באַשעפער און שעהמט זיך נישט דעם אמת הויך צו פריידיגען און אים פאַר אַלע קלאָר צו מאַכען.

און מיר זעהען, ווי דער כוח פון אייביגען אמת איבערצייגט אַלעמען, אפילו אַזעלכע וואָס כל ימיהם זיינען זיי געווען פאַרזונקען אין די עבודה־זרות, און טראָגט אַריין ליכט פון געטליכען וואָרט אין די פינסטערע מחנות. אברהם פאַרשאַפט זיך נייע תלמידים, גייסטיגע אָנהענגער, פאַרשטייענדיג: אַז עס איז ווינציג אַליין דעם אמת צו וויסען, נאָר מען מוז אים אויך איבערגעבען אַנדערע.

אָט פאַרשווינדט ער אויך, דער ליכט־שעפער פון דער גאַנצער מענטש־הייט און בפרט פון דעם אידישען פאָלק, זיינע קינדער געפינען זיך אין אַ גרויסער סכנה, פאַרזונקען צו ווערען, חלילה, אויף אייביג אין דעם געצענ־דינערישען מצרים צוליב דעם שווערען מצב, אין וועלכען זיי געפינען זיך, הן אין גשמיות הן אין רוחניות. עס באַווייזט זיך אָבער דאָס הערליכע געשטאַלט פון משה רבינו, וועלכער, זייענדיג דערצויגען אין פרעה׳ס קייזערליכען הויף,

האָט פאַרט דעם מוט אַרויסצוטרעטען געגען די עוולות, וואָס ווערען באַ־גאַנגען לגבי זיין פאָלק, שטעלענדיג זיין לעבען נישט איינמאָל אין סכנה. ער לייזט עס ענדליך אויס פון דעם עגיפּטישען יאָך און גיט עס אויך אַ תורה, געזעצען פון גאָט, וועלכע דאַרפען אים באַגלייטען און אָפּהיטען אין אַלע דורות.

שפּעטער באַוויזט זיך דאָס געשטאַלט פון שמואל הנביא, וועלכער ראַ־טעוועט דאָס אידישע פאָלק פון דעם שלעכטען איינפלוס פון די ארומיגע זיטען־לאָזע און געצענדינערישע שכנים. ער איז באמת מסוגל דערצו. דער „קדוש מרחם אמו". זיין פרומע מוטער חנה האָט אים מקדיש געווען פאַר גאָט. ער פאָהרט אַרום איבער גאַנץ ארץ ישראל, „מדן ועד באר שבע", פאַרשטאַרקט די אידישע אמונה, גרינדעט שולען א. א. וו.

אויך דאָס בילד פאַרשווינדט שנעל. עס דערשיינט פאַר אונז די גלאַנץ־פולע תקופה פון בית־המקדש, אָבער „וישמן ישורון"... דאָס מלכות בית־דוד צעטיילט זיך אויף צוויי טיילען, מען קריגט זיך אַרום און מען פאַרגעסט אויך די לעהרע פון די אבות. מען דינט פרעמדע אָפּגעטער און דער רע־זולטאַט דערפון איז... גלות בבל.

עס דויערט נישט לאַנג, אידען טוען תשובה, קערען צוריק צו זייער לאנד, און דאָ דערשיינט פאַר אונז עזרא הסופר. מיטן גאַנצען פייער פון זיין נשמה, פאַרריכט ער דעם איינברוך, וואָס עס האָט געמאַכט אין דעם אידישען לעבען דאָס עם־הארצות, און גיט צוריק דעם אידישען פאָלק זיין אייגענ־אַרטיגען גייסטיגען אינהאַלט אינעם לעבען.

אָבער אויך די ישועה איז נישט אייביג. דאָס אידישע פאָלק מוז אַ צווייט מאָל אין גלות אריין גייך, צוליב די חטאים. עס דערוועקט זיך אַ מורא, אַז צוליב דעם עול־הגלות זאָל די תורה, חס ושלום, נישט פאַרגעסען ווערען פון די ברייטע אידישע מאַסען. עס דערשיינט דעמאָלט רבי יהודה הנשיא, וועלכער זאַמעלט און קלויבט צונויף די גאַנצע תורה שבעל־פה אונטער דעם נאָמען „משנה", און פאַרהיט דערמיט, אַז די תורה זאָל נישט פאַרגעסען ווערען פון אידען

שפּעטער, ווען די אידישע מוחות ווערען צוליב דעם גלות נאָך מעהר פאַרטונקעלט, און עס דראָעט אַ סכנה, אַז מען זאָל נישט פאַרשטיין די טיפזיניגע הלכות אין תלמוד — שטייען ווידער אויף אַזעלכע ליכט־טרעגער ווי רש"י און רמב"ם, וועלכע באַלויכטען און זיינען מפרש די שווערערע שטעלען אין תלמוד אין אַ קלאָרער און פאַרשטענדליכער פאָרם.

מיר זעען אויך ר׳ יהודה הלוי׳ן, וועלכער גיט אַריין אין זיינע ברידער־מוט און ליבשאַפט צו די אידישע מצוות און טרייסט זיי מיט זיינע הימלישע שירים.

אונזערע ליכט־טרעגער האָבען מיר אַ סך צו פאַרדאַנקען, וואָס מיר זיינען ווייטער געבליבען ביי אונזער הייליגען אוצר, די תורה, טראָץ די שווערע איבערגעלעבטע גלות׳ן און מיר האָבען נאָך די זכיה צו צינדען די חנוכה־ליכטלעך מיט דער זעלביגער באַגייסטערונג און געפיהלען פון די חשמונאים־צייטען.

ווען מיר פאַרטיפען זיך נאָך מער אין דעם מהות פון חנוכה, שטעלט זיך פאַר אונז די פראַגע: פאַרוואָס האָבען די חכמים געהייסען צינדען די ליכטלעך אין יעדער שטוב און אפילו אין דער אָפּוועזענהייט פון מאַן ליגט דער חוב אויף דער פרוי, אַז זי זאָל אָנצינדען און נישט יוצא זיין דערמיט, וואָס מען וועט אָנצינדען אין דער שול?

די חכמים האָבען דערביי געהאַט אַ טיפע כוונה. עס איז ווייניג דאָס, וואָס דער פאָטער זאָגט הלל אין שול מיט גרויס באַגייסטערונג, בעת אין זיין שטוב איז די פרוי און טאָכטער דורכגענומען מיט גאַנץ אַנדערע מחשבות און זייער אָפּט אפילו מיט סתירה׳דיגע געדאַנקען לגבי זיינע.

אין יעדען אידישען הויז מוז דעריבער דאָס חנוכה־ליכטעל אָנגעצונדען ווערען. דאָס ליכטעל, וואָס דערמאָנט אונז דעם מסירת־הנפש, וואָס אונזערע גבורי־הרוח, די חשמונאים, האָבען אַרויסגעוויזען פאַר דער הייליגער תורה, כדי אויך די פרוי און טאָכטער זאָלען זיין באַגייסטערט פון דער אידישער טראַדיציע.

אומעטום, אין יעדען אידישען הויז, מוז דאָס חנוכה־ליכטעל אָנגעצונדען ווערען!

---

# שבת שקלים

יעדעס יאָהר ווען עס קומט אָן דער שבת אין וועלכען מען בענטשט ראש־חודש אדר, אָדער ווען ראש־חודש געפאַלט אום שבת, זעען מיר אין קאַלענדאַר אויסער דער סדרה פון דער וואָך, אַ קליינע צושריפט: „פרשת שקלים״. נישט איינע פון אונזערע טעכטער וואָס איז נישט אַזוי גוט באַקאַנט מיטן אידישען לוח, טוט אוודאי פרעגען, וואָס באַדייט דאָס דאָזיגע וואָרט?

מיר וועלען דעריבער דאָ זיך דערויף אָביסעל אָפּשטעלען. כדי אונז צוצגרייטען צו דעם גרויסען הייליגען יום־טוב פסח, האָבען די חז״ל באַשטימט די פיר שבתים וואָס טראָגען דעם נאָמען „ארבע פרשיות״ — „פ׳ שקלים״, „פ׳ זכור״, „פ׳ פרה״ און „פ׳ החודש״. דער ערשטער פון די דאָזיגע שבתים איז אַלזאָ שבת „פ׳ שקלים״. ווען מען לייענט ביי „מפטיר״, אָנשטאָט ווי געוויינליך די לעצטע פסוקים פון דער סדרה, די פסוקים פון די תורה, וואָס ריידען וועגען דער פליכט פון יעדען איד צו געבען אַ האַלבען שקל (אַזאַ מין פאַרצייטיגע מטבע) אַלס תרומה פאַר גאָט.

נעמען מיר די דאָזיגע פסוקים, וואָס ריידען וועגען דער דאָזיגער מצוה און פאַרטיפען זיך אין זיי, זעען מיר, אַז זיי לערנען אונז זייער אַ סך. קודם־כל זאָגט דער פסוק „כל העובר על הפקודים״ — אַלע געציילטע מוזען זיך באַשטייערען דעם „מחצית השקל״ פאַר גאָט, אַלע אָן אויסנאַם מוזען זיך באַטייליגען אין דער אידישער כלל־אַרבייט, עס טאָר קיינער נישט „מאַכען שבת״ פאַר זיך, נאָר דווקא צוזאַמען מיט דעם כלל און פאַרן כלל. אַ יחיד קען קיינמאָל נישט אויספיהרען עפּעס גאַנצעס און דויערענדעס, ביי זיין גרעסטער אָנשטרענגונג אפילו. דאַגעגען דער כלל, קען שטענדיג בויען און שאַפען דאָס גרעסטע און באַשטענדיגסטע.

עס דאַרף נאָר יעדער יחיד צושטייער געבען זיין גרעסטע מאָס אָפּפער, לויט זיין יכולת, און דאָס וועט אים פאַררעכענט ווערען ווי ער וואָלט דאָס גאַנצע בנין אַליין געבויט.

די פרשת שקלים זאָגט אויך: „מבן עשרים שנה ומעלה״ — פון צוואַנציג יאָהר און ווייטער, איז יעדער מחויב מיט צו באַטייליגען זיך אין דער דאָזיגער עבודת הקודש. נישט אַזוי ווי מאַנכע זיינען געוואוינט אַרויפצולייגען די מצוות־פליכטען אָדער אויף קליינע קינדער, וואָס האָבען נאָך נישט די תאוות, אָדער אויף אַלטע, וואָס האָבען זיי שוין אָנגעוואוירען. דערפאַר

זאָגט די תורה „מבן עשרים שנה״ — אין בליענדסטען עלטער איז מען מחויב צו אַרבייטען פאַר אידישקייט אָן אויפהער.

„העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט״ — דער רייכער זאָל נישט געבען מעהר און דער אָרימער נישט וויניגער. מיר זעען אַלזאָ דאָ ווי די תורה האָט עקסטרע באַשטימט אַזאַ קליינע נדבה ווי אַ האַלבען שקל, כדי צו מאַכען עס צוגענגליך פאַר אַלע, פאַר אָרים און רייך זיך צו באַטייליגען אין דער הייליגער בויאונג און שאַפונג. עס ווערען אַזוי אַרום פאַרווישט די סאָציאַלע חילוקים בנוגע די גרעסטע און הייליגסטע חובות פון מענטש. אַלע זיינען גלייך בנוגע דער עבודת הקודש און האָבען אין איר אַ גלייכען חלק און זכות. עס דאַרף נאָר יעדער אַרבייטען לויט זיינע כוחות און מעג־ליכקייטען.

וואָס האָט מען אָבער געטאָן מיט דעם „מחצית השקל״? פון דעם זילבער פון די האַלבע שקלים האָט מען געמאַכט די שוועלען פון משכן, דעם יסוד צום גרעסטען הייליגטום, ווי אויך איינגעקויפט אַלע קרבנות וואָס זיינען נויטיג געווען אויף אַ גאַנץ יאָהר.

מיר זעען אַלזאָ, אַז מיט אַזאַ קליינע שפענדע האָט מען געקענט אויפטאָן די גרעסטע זאַכען, אויב זי איז נאָר גענומען געוואָרען פון דעם גאַנצען כלל. און דאָס דאַרף דינען אַלס אַ לימוד אויך פאַר אונז, אַז מיט געמיינזאַמע כוחות וועלען מיר אַלץ קענען בעהי״ת דערגרייכען, אפילו ביי די קלענסטע נתינות.

לאָמיר אַלזאָ, אַלע זיך באַמיען צו געבען פאַר אידישקייט וויפיל מיר זיינען ביכולת — אָבער אַלע, קיינער טאָר נישט פעהלען אין דער דאָזיגער הייליגער אַרבייט. און אַרבייטען דאַרפען מיר נישט בלויז אין מאָמענטען פון באַגייסטערונג און איבערגייענדער התלהבות, נייערט, יעדער אָפּגעטאָענע אַרבייט דאַרף זיין אַ התחלה פון אַ פאַרשטאַרקטער אומדערמיד־ליכער טעטיגקייט פאַר די אידישע צילען. פונקט אַזוי ווי די שוועלען צום משכן זיינען דאָך נאָר געווען אַ יסוד און אַ התחלה צו דער שפּעטערדיגער עבודת הקודש, וואָס האָט נישט אויפגעהערט אפילו אויף אַ טאָג.

אמת, מיר דאַרפען אַרבייטען מיט אַלע כוחות פאַר אידישקייט — אָבער די אַרבייט דאַרף זיין אַן אומדערמידליכע און אַ באַשטענדיקע, און דעמאָלט קענען מיר האָפען, אַז מיר וועלען ווי געהעריג מצליח זיין און צוקומען נאָענטער צום ציל.

# שבת זכור

דער שבת פ׳ זכור, וואָס געפאַלט אַלעמאַל דעם לעצטען שבת פאַר פורים, איז דער צווייטער פון די גרויסע שבתים, וואָס דאַרפען אונז צוגרייטען צום גרויסען יום־טוב פסח.

פ׳ שקלים האָט געוועקט ביי אונז דאָס אידישע כלל־באַוואוסטזיין, אַז כאָטש מיר זיינען צעשפרייט אויף דער גאַנצער וועלט און פאַרשידען מיט אונזער כח, פארמעגען און שטאַנד, זענען מיר אַלע ווי איין מענטש מחויב אויסצופיהרען ישראל׳ס שליחות אויף דער גרויסער וועלט. „זכור את אשר עשה לך עמלק"... געדענק! — זאָגט דער היינטיגער שבת צו אונז, קוק צוריק און דערמאָן דיך, וואָס עמלק האָט דיר געטאָן, ווען דו ביסט פון גלות מצרים אַרויסגעגאַנגען, ווען דו האָסט געשטעלט דיינע ערשטע טריט צו ווערען דאָס עם סגולה.

פאַרטראַכטען מיר זיך אין דעם ענין „מלחמת עמלק", זעען מיר באַשיינפערליך, ווי די תורה צייכענט אָן בפירוש די סיבות פון דעם דאָזיגען שווערען קאַמף. באַלד אויף דעם אָרט וואו עס שטייט אין דער תורה דער אויסרוף: „היש ה׳ בקרבנו אם אין" — (איז גאָט צווישען אונז, אָדער נישט?) שטייט דערנאָך דער פסוק „ויבא עמלק וילחם עם ישראל" — (עמלק איז געקומען און מלחמה געהאַלטען מיט ישראל).

אַזוי ווייסען מיר, דאָס ווי לאַנג משה האָט געהאַלטען זיינע הענט אויפגעהויבען, האָבען די אידען געזיגט, האָט משה די הענט אַראָפּגעלאָזען, האָט עמלק אָפּגעהאַלטען אַ נצחון.

דורך עמלק׳ס שווערד זיינען תמיד געפאַלען נאָר די, וועלכע האָבען זיך געשטעלט פראַגען „היש ד׳ בקרבנו". דאַגעגען די, וואָס האָבען געהאַט טיף די אמונה אין זייער האַרצען, זיינען שטענדיג ניצול געוואָרען.

דער קאַמף מיט עמלק׳ן איז געבליבען פאַר אונז אַ לימוד אויף אייביגע צייטען, שטענדיג ווען מיר וועלען צוויפלען אין דער אמונה, זיין שוואַך אין אָפּהיטען די אידישע מצוות, דעמאָלט וועלען די עמלקישע אַנטיסעמיטען אָפּהאַלטען אַ נצחון. מיר גיבען אַליין כלי־זיין אין די הענט פון די שונאי ישראל, ווען מיר טוען גרינגשעצען אונזערע אייגענע היילינגטימער. ווי אַזוי זאָלען זיי אונזער פאָלק נישט האַסען, ווען מיר אַליין טוען חלילה, אַרויסווייזען אונזער פיינטשאַפט צו תורה און אידישקייט. טאַקע יעדעס מאָל ווען עס

קומען אויף קעגען אידישען פאָלק נייע שונאים, זיינען מיר מחויב ביי זיך אַליין אַ חשבון הנפש צו מאַכען, און זעהן צי איז נישט אַמאָל די סיבה פון פאַרשטאַרקטען אידען־האַס, דאָס, וואָס מיר אַליין זיינען צו אונזערע קנינים גלייכגילטיג.

יאָר־יערליך, ווען מיר לייענען „פרשת זכור" קלינגט אָפּ אין אונזערע אויערן דער רוף: וועסטו מיט אויפגעהויבענע הענט צום הימעל שטיין, וועט עמלק אויף דיר קיין שליטה נישט האָבען!

„ד' ילחם לכם". די מלחמה גופא מיט אונזערע שונאים, אַז זיי זאָלען נישט קענען פאַרטיליגען דעם נצח־ישראל, פיהרט גאָט אַליין. אָבער מיר אידען זיינען מחויב אַן אינערליכע מלחמה מיט דעם יצר־הרע אַליין צו פיהרען.

דער וועג צום קאַמף מיט די אייגענע שלעכטע אינסטינקטען, פאַרדאָרבענע געוואוינהייטען, איז טהרה: רייניגען זיך פון אַלץ, וואָס פאַראומרייניגט דאָס האַרץ, פאַר'סמ'ט די נשמה און טאַקע דערנאָך ווי מ'האָט זיך שוין אויס־געלערנט, תמיד צו האָבען איינגעקריצט אין זכרון דעם קאַמף מיט דעם מאַטעריאַליסטישען עמלק, קומט מען צו טהרה, וועגען וואָס עס ווערט אין אַ שפעטערדיגע פרשה געלערענט, די פרשה פון „פרה אדומה".

נישט געקוקט דערויף, וואָס דער ענין פון „פרה אדומה", דאַרף נישט האָבען קיין טעם, ווייל עס איז אַ חוקה, אָבער דאָך זעען מיר דערין, אַז עס איז געווען אַ לימוד פאַר דעם אידישען פאָלק, ווי אַזוי צו באַהערשען דאָס גשמיותדיגע פון אַ רוחניותדיגען איינפלוס.

די "פרה אדומה" האָט נאָך קיינער נישט געטאָרט האָבען מיט איר זיך באַנוצט, און דאָס ערשטע מאָהל, וואָס מ'האָט זי געבראַכט צום כהן האָט ער זיין האַנט צו איר צוגערירט און נאָך דער שחיטה געשפריצט מיטן בלוט. די פרה אדומה איז געגען איבער דעם בית־המקדש אַוועקגעשטעלט געוואָרען, כדי צו ווייזען, ווי אַזוי דער גייסט דאַרף משפיע זיין אויף דעם חומר. דער געדאַנק פון אונזער ריין זיין, הייסט באַהערשען דאָס מאַטעריעלע און די גשמיות'דיגע נאַטירליכע צרכים. ווען אפילו מיר זעען ווי אַנדערע פאַר־גראָבען זייערע חושים נאָר אין דער גרויסער מאַטעריעלער וועלט, איז אונזער חוב אַלס אידען, אַלס קינדער פון „ממלכת כהנים וגוי קדוש" אונזער לעבען אַן אַנדערען זין צו געבען.

און דער ערשטער תנאי צו אונזער אַרבייט אויף צו קענען זיך באַהערשען פון די מאַטעריעלע תאוות און נישט זינקען אין דעם תהום פון חומרישער

און היידענישער עבודה זרה איז — החודש, באַנייען, באַלעבען, פאַריונגערען אונזער אַלט־אידישען כוח.

נאָך דעם ווי מיר האָבען שוין זיך אויסגעלערענט רייך צו זיין, קומט דער לעצטער שבת פאַר ראש־חודש ניסן, קומט דער רוף: „החודש הזה לכם״, דער בורא עולם רופט אונז אליין זיך צו באַנייען, אַזוי גוט ווי די לבנה שיינט אויף אין אָנהויב חודש, באַנייט און דערפרישט, אַזוי זאָלען מיר אויך באַנייען אונזער בענקשאַפט צו לעבען בקדושה ובטהרה, כדי צו קענען זוכה זיין צו דער גרויסער אידישער גאולה.

# יהודית, אסתר און מרדכי

צוויי פרויען האָבען זיך אין אונזער געשיכטע אויסגעצייכענט מיט זייער מציל זיין דאָס אידישע פאָלק: יהודית און אסתר. יהודית, די חנוכה־העלדין, האַקט אָפּ מיט איר שווערד דעם קאָפּ פון דעם גרויסען שונא ישראל האליפארניס, און אסתר ראַטעוועט איר פאָלק פון דעם אידען־פרעסער, המן.

מערקווירדיג:ביידע, אסתר און יהודית זיינען פריער נישט צוגעטראָטען צו דער רעטונגס־אַקציע, וועלכע איז געווען פאַרבונדען מיט גרויסע סכנות פאַר זייער לעבען, ביז זיי האָבען דאָס פאָלק געוועקט צו תשובה און מעשים: זיך צו דערווייטערען פון די פרעמדע אידייען און מאָדעס.

לאָמיר באַטראַכטען אונזער אסתר, כאָטש זי איז אַרויסגענומען געוואָרען פון גלות, נאָענט געווען צום אויסגעלאַסענעם פערסישען לעבען, פראַנק און פריי האָט זי אין קעניגליכען הויף געקענט פאַרזוכען פון אַלערליי לוקסוס און פאַרגעניגענס, דאָך — „ואת מאמר מרדכי אסתר עושה, כאשר היתה באמנה אתו״ — מרדכי׳ס וואָרט און געבאָט איז פאַר איר הייליג, פונקט ווי פריער, בעת זי איז ביי אים דערצויגען געוואָרען.

וויפיעל עלטערען גיבען ליידער, אַ טיפען און שווערען זיפץ, ווען זיי הערען לייענען אָט דעם פסוק. דער פורים יום־טוב ווערט ביי זיי זיכער פאַרוואַנדעלט אין אַן אומעטיגען טרויער־טאָג. אָט הערען זיי פון אַ אידישער טאָכטער, וואָס זיצט אויף אַ קעניגליכען טראָן. דערגרייכט די העכסטע מדרגה אין דעם מענטשליכען געזעלשאַפטליכען און פּאָליטישען לעבען, און איז דערביי געטריי איר דערציער. זיין וואָרט איז ביי איר קודש־קדשים און

זיין געבאָט ווערט פון איר אָפּגעהיטען, ווי דאָס שוואַרץ־אַפּעל פון אויג.

זיי אָבער, די עלטערען פון דעם היינטיגען יונגען דור, געלונגט נישט, אפילו אין דער אייגענער שטוב, ווען די קינדער זיינען נאָך אין זייער רשות, דעם דיסציפּלין צו דערהאַלטען. אין זייער געגענוואַרט האַלט זיך דער זון און די טאָכטער אַלס קלוגער און מעהר מענטש, וואָס פאַרשטייט בעסער פאַר זיי, די פאַרצייטיגע פאַנאַטיקער. טייער באַצאָהלען זיי פאַרן בלויזען דערהאַלטען ביי אים אין שטוב אַ שטיקעלע דרך הישר פון זייערע קינדער. מיטן מאָמענט אָבער, ווען די קינדער גייען אינגאַנצען אַרויס פון זייער רשות — ווייסען די עלטערען זיכער — איז די גאַנצע אַרבייט זייערע אַרויסגעוואָרפען.

פון דעסט וועגען ליגט אויף די אידישע עלטערען דער חוב זיך ווייטער צו פאַרנעמען מיטן חינוך פון זייערע קינדער. נישט אַראָפּלאָזען די הענט, נאָר מיט דער גאַנצער ערנסטקייט ווייטער טאָן די דאָזיגע הייליגע אַרבייט.

ווארום נאָר אויף דעם חינוך האָט השי״ת געלייגט דאָס גאַנצע אַכט און דעריבער האָט ער אברהמ׳ען אַלס טרעגער פון זיין תורה אויסגעקליבען. ביי אים האָט ג־ט געוואוסט וועט זיין אַ דערציאונג פון זיינע קינדער אין דעם אידישען גייסט, און ער באַקומט טאַקע דערפאַר די אַנערקענונג פון גאָט. דעם חינוך, וואָס אברהם און שרה האָבען געגעבען יצחק׳ן, איז אַ גלענצענדער ביישפּיל פון אומענדליכער קראַפט פון דערציאונג.

ווען גאָט וויל באַשאַפען אַ פאָלק, וואָס וועט דאַרפען דורכמאַכען די שווערסטע נסיונות, לאַנגע און שווערע גלות׳ן פאַרברענגען, און פון די אַלע מאַרטירער־לײדען אַרויסקומען געהייליגט, פאַרשענערט און פאַרשטאַרקט — טוט ער דאָס ביי אַן עלטער פאָר־פאָלק, וועלכעס האָט זייער איינציג קינד, קוים אויסגעבעטען, און זיי האָבען דאָס קינד אַזוי רייף געמאַכט פאַרן געטליכען גלויבען, אַז עס איז פעאיג זיך לאָזען דערפאַר צו דער עקידה פיהרען.

אַ דאַנק דער גוטער דערציאונג, וואָס מרדכי האט אסתר׳ן געגעבען, איז זי אַפילו אין דעם קעניגליכען פאַרדאָרבענעם הויף געבליבען געטריי זיינע באַפעהלען, און דאָס באַווייזט טאַקע די גרויסקייט פון מרדכי אַלס מחנך . . .

און מרדכי ווידער, דער הויך־געבילדעטער מאַן און גרויסער שפראַכען־קענער, האָט מיט זיין חכמה כלל נישט שטאָלצירט. קיינער האָט פון זיינע

טיפע און גרויסע ידיעות גאָרנישט געוואוסט. די קעניגליכע באַמטע ריידענדיג אין אַ פרעמדער אומפאַרשטענדליכער שפּראַך זיינען געווען זיכער, אַז מרדכי פאַרשטייט זיי נישט. און דאָס האָט אויך גורם געווען צו דער גרויסער אידישער ישועה.

מרדכי׳ס גייסט דאַרף אונז היינט באַהערשען. מיר דאַרפען זיך פון אים אַביישפּיל נעמען, ווי אַזוי צו דערציען אונזערע קינדער.

אסתר׳ס געהאָרכזאַמקייט צו מרדכי׳ן און זיינע געבאָטען דאַרף אויך אונזערע אידישע טעכטער לערנען געטריי און געהאָרכזאַם צו דערפילען די געבאָטען און אָנווייזונגען פון זייערע אידישע עלטערען.

---

# פסח־געדאנקען

— א —

**פסח**, דער יום־טוב פון פרייהייט קומט אָן!

פרייהייט! ווען איז דען נישט באַקאַנט דער זיסער קלאַנג פון אָט דעם וואָרט, וואָס באַצייכענט די טייערסטע מתנה פון דער מענטשהייט!

עס איז אָבער פאַראַן זיין היפּוך, וואָס נעמט יעדען אַדורך מיט אַ גרויל. דאָס איז: פאַרשקלאַפונג.

עס זיפצט אַ פאָלק אין מצרים אונטערען שווערען יאָך פון זיינע אונטער־דריקער. דער שטרענגער שומר שטייט מיט אַ בייטש אין דער האַנט און יאָגט עס צו דער אַרבייט. קיין איין מינוט טאָר מען זיך נישט אָפּרוען, אַפילו אַ זיפץ טאָר מען נישט אַרויסלאָזען. קינדער ווערען פון די ברוסטען אַוועק־געריסען און אין טייך געשליידערט.

און מיט אַמאָל — — — צי איז עס מעגליך?

דער חירות־רוף פאַרשאַלט די לופט, עס קרישלען זיך די קייטען פון די הענט. די זעלבע, וועלכע זענען ערשט נעכטען געווען אַ סטאַדע גע־האָרכזאַמע קנעכט — שטייען פאַר אונז אַלס אַ פריי פאָלק, פון גוואַלטיג שטאַרקע מענער מיט אויסגעגלייכטע רוקענס, באַהערשט פון איין אידעאַל

אונטער דער אָנפיהרונג פון איין גרויסען מנהיג. ווי אַזוי איז דאָס געשעהן? צי איז עס נישט אַ דערשיינונג חוץ לדרך הטבע?

יאָ, איר וועט אוודאי זאָגען: וואָס איז דאָס פאַר אַ וואונדער? מיר זעען עס דאָך אויך ביי פיל אַנדערע פעלקער, וועלכע זיינען אין משך פון אַ קורצער צייט באַפרייט געוואָרען פון פאַרשקלאַפונג!

איהר אידישע טעכטער, וועלכע פרעגען אַ שאלה, איהר, וואָס אַ סך פון אייך שעהמען זיך מיטן נאָמען „איד" — צי האָט איהר שוין אמאָל געהערט, אַז מענטשען, וועלכע זיינען קיינמאָל נישט געוואוינט געווען צו אַ פאָלק־לעבען, ביי וועלכע דאָס עבדות איז שוין כמעט אַ נחיצות געוואָרען, זאָלען זיך פלוצלינג איבער נאַכט ווערען אַ זעלבסטשטענדיק פאָלק? און געשעהן איז עס דאָך אָן שום קאַמפען, אויפשטאַנדען אָדער מלחמות, נאָר דורך דער געטלעכער קראַפט אַליין! צי באַווייזט דאָס נישט, אַז מיר זענען אַן אויסדערוויילט פאָלק? אַז די וואונדער, וואָס גאָט האָט פאַר אַלע פעלקער באַוויזען, איז נישט בלויז געווען אונזערע קערפערליכע קייטען צו צערייסען, נאָר איבערהויפּט די גייסטיגע?

אָט פאַר די געגעבענע פרייהייט דאַרפען מיר איהם תמיד דאַנקבאַר זיין, און זיין רצון ממלא זיין.

והגדת לבנך ביום ההוא לאמר; בעבור זה עשה ה' לי בצאתי ממצרים — זאָלסט שוין יענעם טאָג דיין קינד דערציילען: איבער דעם האָט גאָט עס מיר געטאָן, אַרויסגייענדיג פון מצרים.

איהר אידישע פאָטערס! די נאַכט פון אייער געשיכטלעכען געבוירען האָט גאָט באַשטימט, אַז איהר זאָלט אייער חוב בנוגע אייערע קינדער דערפילען. די סדר־נעכט זיינען די פאַסיגסטע דערצו...

„והגדת לבנך". „יכול מראש חודש, תלמוד לומר ביום ההוא יכול מבעוד יום, תלמוד לומר בעבור זה. בעבור זה לא אמרתי אלא כשיש מצה ומרור מונחים לפניך". — מען וואָלט געקענט מיינען, אַז שוין פון ראש חודש ניסן דאַרף מען דעם קינד דערציילען, זאָגט דערויף דער פסוק: „ביום ההוא". קאָן מען דאָך מיינען בייטאָג? שטייט ווייטער: „בעבור זה" — צוליב דעם, ווען די מצה און מרור ליגען פאַר דיר.

דאָ ליגט דער סוד פון דעם אידישען חינוך.

נישט טעאָרעטיש זאָלסטו מיט דיין קינד די תורה לערנען, נאָר איבער־הויפּט מיט מעשים. נאָר „בשעה שיש מצה ומרור מונחים לפניך". ווען דאָס

קינד זעהט דעם פאָטער אַלע מצוות אויספיהרען, און באַקומט באַלד דערויף די געהעריגע דערקלערונגען, וועט עס אין איהם אייביג בלייבען.

מיר ווילען זיך באַמיען צו דערקלערען דעם באַדייט פון די מצוות, וועלכע מיר זיינען מקיים די דאָזיגע נאַכט. דריי הויפּט־מצוות זיינען דאָ: פּסח, מצה און מרור. אַלזאָ „פּסח, דער קרבן פּסח, דאָס לעמעלע, וואָס גאָט האָט געהייסען דעם איד אָנגרייטען שוין צעהן טעג אין ניסן. אַזוי ווי יענער טאָג איז אויסגעפאַלען אין שבת, האָט יעדער צו זיך גענומען זיין לעמעלע אין שטוב אַריין און צום בעט צוגעבונדען.

די מצריים האָבען מיט ציין־קריצעניש זיך צוגעקוקט, ווי די פאַר־קנעכטעטע אידען בינדען זייערע אָפּגעטער (דאָס לעמעל איז געווען אַ גרויסער אָפּגאָט ביי די מצריים). דאָס לערנט אונז, אַז דער מענטש דאַרף תמיד באַזיצען מוט, דעם אָפּגאָט פון זיין צייט אין די אויגען פון זיינע פאַר־ערער צו בינדען. און דעמאָלט איז זיין נצחון אַ זיכערער.

אָ, איהר טעכטער ישראל׳ס! איר, וואָס גייט נאָך די מאָדע פון דער צייט, הן גייסטיג הן קערפּערליך, און מיינט דערמיט צו באַווייזען אייער פּראָגרעס, פאָרשריט. איהר האָט אַ טעות! מיט דעם באַווייזט איהר, אַז איהר פאַרמאָגט נישט דעם מוט פון אייערע אבות, וועלכע האָבען דעם אָפּגאָט פון זייערע צייטען געפּענטעט!

דאָס אַלץ דערציילט אונז די זרוע, דאָס געבראָטענע שטיקעל פלייש, וואָס איז אַ זכר פון קרבן פּסח. און ווען דער פאָטער ווייזט דעם קינד דעם סימבאָלישען קרבן־פּסח, דאַרף ער איהם זאָגען: זבח פּסח הוא לד׳״ — דאָס איז אַ שעכטונג צו גאָט, ווען ער האָט איבער אונזערע טירען איבערגעהיפּט, און די מצרישע בכורים פאַרטיליגט. און דאָס זאָל ער איהם זאָגען מיט אַזאַ האַרציגער ליבע, אַז ס׳זאָל אייביג ביי איהם אין האַרצען פאַרבלייבען.

איצט די מצה מיטן מרור. זיי דערמאַנען אונז אין דעם אָרימען ברויט און ביטערע קרייטיכצער וואָס מיר האָבען דעמאָלט געגעסען, אויף וועלכער מדרגה מיר האָבען זיך דעמאָלט געפונען ביז מיר זיינען פרייע מענטשען געוואָרען. מיר האָבען דעמאָלט צוגעזאָגט די שעה פון באַפרייאונג אייביג צו געדענקען, און זי ביי מצה און מרור צו פאַרברענגען. דעריבער דאַרפען מיר, ווי לאַנג מיר לעבען, גאָטס דינער צו זיין, און אויך אונזערע קינדער צו דער היינטיגער עבודה אויסצובילדען.

מיר באַמיען זיך תמיד פאַר אונזערע קינדער שפּייז צו שאַפען, פאַר

וואָס זאָלען מיר נישט וועלען איך זייער גייסטיקען הונגער שטילען? מיר טאָרען זיך נישט פאַרלאָזען אויף דער שול, אַז זי וועט שוין דאָס אַלץ טאָן. ניין! שוין פון דער פריהסטער יוגענט מוזען מיר די עיקרים פון דער אמונה אין זיי איינוואָרצלען. מיר דאַרפען קיינמאָל נישט מיד ווערען פון צו ענטפערען דעם קינד אויף אַלע זיינע פראַגען. וואָס מען לערענט מיט איהם דעמאָלט, פלאַנצט אין איהם איין די גליענדיגע ליבע צום אידישען פאָלק, גיט איהם אַריין באַגייסטערונג אויף זיין גאַנץ לעבען.

און נאָך אַ זאַך לערענט אונז פסח. מען דאַרף נישט וואַרטען ביז דאָס קינד וועט האָבען שכל צו פרעגען: „מה זאת”? נאָר „ושאינו יודע לשאול” — ווען דאָס קינד ווייסט נאָך נישט צו פרעגען „את פתח לו” — עפען דו איהם דאָס מויל. נעם איהם אויף דער שויס, און דערצייל איהם יציאת מצרים לויט זיין קליינער השגה. און דערצייל עס איהם אַזוי, אַז אויך ער זאָל שפּעטער זיין קינד אויף דער שויס נעמען און איהם דערציילען וועגען יציאת מצרים. און דערצייל עס איהם מיט אַזאַ התלהבות, אַז עס זאָל זיך איהם דאַכטען: אָט זיצט ער אויף דיינע אָרימס, און דו טראָגסט דאָס פּעקעל טייג אויף די פּלייצעס... און איהר גייט אין די טיפענישען פון ים... צווישען די וואַסער־ווענט — באַהערשט פון דעם איינעם געדאַנק: נאָר זיין רצון צו דערפילען.

אָ, איהר מיינע אידישע שוועסטער! איהר מיינט, אַז מיטן אַוועקוואַרפען די מצוות באַווייזט איהר אייער קלאָרען פאַרשטאַנד — פּרואווט דאָך אַמאָל ביים סדר־טיש אַ פרעג צו טאָן אייער טאַטען: „מה זאת”? פאַרטראַכט זיך אַמאָל איבער יעדער מצווה, וועט איהר זעהן וויפיל גייסט, נשמה עס שטעקט אין דעם אָרימען שטיקעל מצה, אין דעם ביטערען מרור, און איך בין זיכער, אַז איהר וועט ביים סדר־טיש אייערע אַלע פרעמדע אידייען פאַרלאָזען און אמתע ישראל׳ס טעכטער ווערען.

— ב —

צוליב וואָס? צוליב וועמענס זכות זיינען אידען אויסגעלייזט געוואָרען פון מצרים?

דער מדרש לערענט אונז, אַז אין זכות פון די נשים צדקניות זיינען מיר אַלע פון גלות מצרים אויסגעלייזט געוואָרען. אָבער וואָס פאַר אַ זכות האָבען די דאַמאָלסדיגע אידישע פרויען געקענט האָבען, אַרבייטענדיג די שווערסטע

אַרבייט בייטאָג און ביינאַכט, און נישט האָבענדיג די געלעגענהייט זיך צו גייסטיגע ענינים צו ווידמענען?

דריי זאַכען — לערענט אונז דער מדרש — זיינען געווען די סיבות וואָס האָבען געבראַכט די גאולה: „שלא שינו את שמם, לשונם ומלבושיהם" — ווייל זיי האָבען געהיטען דעם אידישען נאָמען, שפראַך און קליידונג די דריי זאַכען וואָס זיי האָבען אַזוי שטרענג אָפּגעהיט האָבען זיי געהאָט צו פאַרדאַנקען דער גאולה.

אידישע שוועסטער! ווי האַלט עס מיט די דריי זאַכען איצט ביי אייך? ליידער איז מיט די אַלע דריי זאַכען זייער טרויעריק. כ'וועל דאָ נישט רעדען וועגען די ערשטע צוויי זאַכען, מיט וועלכע די היינטיגע אידישע טאָכטער שעהמט זיך אין גאַנצען. איך וויל דאָ באַרירען בלויז די דריטע זאַך, די אייגנאַרטיגע אידישע קליידונג.

איצט ווען די נאַטור וועקט זיך פון איהר ווינטער־שלאָף צום פרישען לעבען און באַקליידעט זיך מיט איהר נייעם גרינעם לבוש — וועקט זיך אויך אין דער פרוי אַ ווילען מיט אַ ניי קלייד זיך צו פאַרזעהן. און אָט דאָ דאַרף די אידישע פרוי געדענקען, אַז די באַדעקונג פון מענטשלעכען קערפּער האָט אַ העכסט וויכטיגען באַדייט ביים אידישען פאָלק.

שוין ביים אָנפאַנג פון דער וועלט־געשיכטע האָבען מענטשען זיך אין קליידער באַהאַלטען, די ערוה דערמיט צו צודעקען, כדי דאָס זינליכע, קער־פּערליכע, זאָל דעם מענטש נישט פאַרפיהרען. שפּעטער האָבען אויך אונזערע חכמים כסדר געזאָרגט, אַז די קליידונג ביים אידישען פאָלק זאָל שטיין אויף דער העכסטער מדרגה פון צניעות און קדושה. אַמבעסטען האָבען דאָס פאַרשטאַנען די אידישע פרויען, וועלכע, צוזעענדיג ווי די אוממאָראַלישע קליידונג ווירקט שלעכט אויף די רויע אינסטינקטען און שטערט די האַר־מאָניע צווישען דער נשמה און חומר — האָבען זיי געבילדעט אַן אויסנאַם פון דער אַרומיגער פרויען־וועלט מיט זייער שטרענג צניעותדיקער קליידונג און דערמיט אויך געוואָרען אַ מוסטער פאַר זייערע נישט אידישע שוועסטער.

ווי קוקט עס היינט אויס מיט דער הלבשה פון דער אַמאָליגער צניעות־דיגער אידישער טאָכטער. צי זיינען זיי אין דער הינזיכט נישט אָפּגעשטאַנען פון זייערע גרויסע מאַמעס, וועלכע זיינען שטענדיק געווען אַ שטאָלץ פאַרן אידישען פאָלק, צוליב זייער באַשיידענער קליידונג?

ליידער מוזען מיר קאָנסטאַטירען, אַז די פאַריזער מאָדע מגפה האָט אַרומגעכאַפּט אויך אַ גרויסען טייל פון די היינטיגע אידישע טעכטער און

הערשט איבער זיי מיט איר גאַנצער מיאוסקייט. און נאָר אַ גאַנץ קליינער טייל האָט דעם מוט זיך אָפּצוקעהרען מיט פּאַראַכטונג פון אַזאַ אַרט קליידונג וואָס עס איז לויט דער „נייסטער מאָדע". עס האַלט אויך נאָר אַ קליינעם טייל אידישע טעכטער אָפּ פון דעם נאָכלויפען דעם מאָדע־עגל דער מאָטיוו, אַז ס'איז דער גרעסטער אַבסורד צו דערפּילען אויף אַן אומגעוויינליך פּאַנאַ־טישען אופן אַלע ווילדסטע פּאַרלאַנגען פון דעם אָפּגאָט.

איך וויל דאָ די אידישע טעכטער נישט באַשולדיגען אין בייזוויליגען רצון ביים אַראָפּוואַרפען פון זיך דעם אייגענאַרטיגען צניעותדיגען טראַכט. ס'ווירקט נאַטירליך אַ גאַנץ אַנדערער צד, וועלכער דריקט זיך אויס אין דער נישט באַהאַוועגטקייט פון די לעצטע אין דעם אידישען וויסען און דאָס נישט באַקאַנט זיין מיט די אייביגע עטיש־מאָראַלישע יסודות פון דער תורה.

אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, מוז דאָס באַזייטיגט ווערען פון דעם אידישען הויז און איך ווענד זיך טאַקע דעריבער צו אַלע מיינע אידישע געטרייע שוועסטער:

געדענקט אַז צניעות און ריינקייט איז איינס פון די שטאַרקסטע יסודות אין דער אידישער הויז! דאָרט וואו די קליידונג איז נישט לויט די אידישע מאָראַל־פאָרשריפטען — קען די געטליכע שכינה נישט רוען! עס טאָר אפילו נישט דערמאָנט ווערען גאָטס נאָמען אין דער געגענוואַרט פון אַ פרוי, וואָס איז אוממאָראַליש געקליידעט! זאָל מען נישט זאָגען אויף אייך אין די שפּעטערדיגע דורות: אָט די אידישע טעכטער פון יענער צייט האָבען נישט פאַרשטאַנען אָפּצוהיטען זייער אייגענאַרטיגע צניעותדיגע קליידונג, וועלכע איז געוואָרען געפּלעגט פון אַזויפיל דורות!

איהר פאַרשטענדיגע אידישע מוטערס! זעהט איינצופלאַנצען אין די הערצער פון אייערע יונגע קינדער די אַכטונג צו אַ מאָראַלישער קליידונג און דעם גרעסטען אָפּשיי צו אויסגעלאַסענער הלבשה! געדענקט, אַז אַ דאַנק די אידישע פרויען, וועלכע האָבען שטאָלץ געהיטען זייער אויסערליך אידיש אויסזעהן און פאַראַכטעט די גיפטיגע אויסגעלאַסענקייט — זיינען אידען אויסגעלייזט געוואָרען פון מצרים! אויך מיר דאַרפען היינט נאָכטאָן זייער ביישפּיל און דעמאָלט איז צו האָפען, אַז אויך פון היינטיגען גלות וועלען מיר דורך די זעלבע געטליכע האַנט באַפרייט ווערען.

# ספירה־צייט

דער ליבער שיינער פסח האָט זיך מיט אונז אָפּגעזעגענט. שוין אַוועק זיינען די טעג ווען די עלטערען האָבען געקענט מיט די מצוות און מנהגים פון דעם דאָזיגען יום־טוב אַריינברענגען אין די הערצער פון זייערע קינדער דאָס התלהבות פאַר אונזער תורה הקדושה. אַלע פּעדאַגאָגען אין דער וועלט מוזען מודה זיין, אַז קיין בעסערע מעטאָדע און לימוד פאַר אונזערע קינדער קאָן נישט זיין, ווי עס איז דער יום־טוב פסח. איצט הויבען מיר אָן צו ציילען וואָכען און טעג ביז קבלת־התורה. ווי אַ גליקליכער חתן בענקט צום טאָג פון זיין חתונה, אַזוי איז ישראל פול מיט וואַרטען אויפן אָנקומען פון די טעג פון מתן תורה. מיט יעדען טאָג וואָס גייט אַוועק פאַרגרעסערט זיך אַלץ כסדר די תשוקה צו די קומענדיגע טעג.

ר׳ חייא לערענט: „זיבען גאַנצע וואָכען זאָלסטו ציילען. ווען ווען וועלען זיי גאַנץ זיין? (ווען וועט אויפהערען די קללה פון דער צייט און עס וועלען פאַרשוואונדען די אידישע צרות?) און ר׳ חייא ענטפערט: „ווען ישראל וועט טאָן דעם רצון פון השי״ת״.

די פרעדיגער פון דער מאָדערנער צייט הייסען אַראָפּוואַרפען די יוגענט פון זיך דעם עול פון אידישקייט. דערמיט מיינען זיי, וועלען מיר זיין געהאָלפען און גליקליך.

זיי די אפיקורסים רופען זיך „פרייע מענטשען״ און פאַרגעסען דערביי, אַז זיין אַ קנעכט צום אייגענעם „איך״ איז קיין גרעסער עבדות און שפלות נישט פאַראַן.

גאָר אַנדערש פאַרקוקט זיך דער מאמין און דער שומר התורה אויף דעם, וואָס עס רופט זיך „פרייהייט״, און דאָ לערענט אונז דאָס ספירה־ציילען זייער אַ סך.

* * *

די צווייטע פסח־נאַכט, ווען מ׳האָט אָנגעהויבען שניידען דעם עומר און ברענגען דעם ערשטען גערשט צום כהן — כאָטש דער גערשט איז שוין לאַנג צייטיג געווען — האָט ערשט דעם איד מתיר געווען אים צו נוצען.

אין אונזער הייליג לאַנד האָט דאָס ספירה־ציילען גערופען צו אַלע אידען צוזאַמען און צו יעדען איד באַזונדער: דאָס לאַנד וואָס איר פאַרמאָגט, דער אַקער וואָס געהער אייך און די פּירות וואָס זיינען אין אייער רשות, דאָס

אַלץ איז פּאָרט נישט דער עיקר פון אייער אידיש לעבען. ווען איר וועט מקיים זיין די תורה וועט טאַקע דאָס אַלץ זיין אייער, און אויב חלילה נישט, וועט דאָס פעטע לאַנד און זיין זיסע פּרוכט פאַר אייך פאַרלוירען גייך.

און וואָס איז געשעהן?

אַזוי לאַנג טאַקע ווי ישראל האָט דעם מהות און באַדייט פון ספירה־ציילען פאַרשטאַנען, איז ישראל געזעסען אויף זיין ערד און געשניטען מיט געזאַנגט זיין אייגענע תבואה. וויבאַלד אָבער דאָס אידישע פאָלק האָט פאַר־געסען זיין תכלית, איז אַוועקגענומען געוואָרען פון איהם זיין לאַנד, זיין פרייהייט און זיין גאַנץ נאַציאָנאַל־פאַרמעגען.

* * *

צוויי טויזענט יאָהר וואָגעלט שוין דער איד אין גלות און נישטאָ מער די אייגענע פעלדער. אָפּגענומען איז געוואָרען די היים און אַ חורבה איז פון אַלץ געוואָרען און ממילא איז דאָס ספירה־ציילען געוואָרען זייער פראָ־בלעמאַטיש. און פּאָרט ווען מיר האָבען שוין נישט אפילו דעם כהן און נישט ארץ ישראל און נישט דאָס בית המקדש זעען מיר נישט, אַז עס זאָל אָנקומען אין אידישען האַרץ אַ בענקשאַפט צו תשובה און עס האָלט חלילה גאָר שלעכט אפילו מיט דעם אַלטען קולטור־פאַרמעגען, וואָס עס איז אונז נאָך פאַרבליבען.

די גאַנצע גלות־געשיכטע, וואָס אין איהר פאַרלויף זיינען אַזויפיל טרויעריגע צייטען געווען, דערציילט אונז, אַז די ספירה־צייט איז געווען מסוגל פאַר די בלוטיגסטע און מורא׳דיגסטע יסורים און חורבנות. מיר זיינען אָבער אַרויס געשטאַרקט אין אונזער בטחון דווקא פון די אַלע טרויעריגע איבערלעבונגען.

די אידישע נשמה איז נאָך געבליבען וואַכעדיג און דאָס געפיהל פון חיות און בענקשאַפט איז נישט אָפּגעטעמפט געוואָרען. אונזערע הערצער זיינען נאָך אַביסעל פאַרשלאָפען און עס איז טאַקע אונזער הייליגסטער חוב דאָס אידישע האַרץ אויפצואוועקען פון דעם לעטאַרגישען שלאָף.

די אַלע קדושים וואָס זיינען געגאַנגען אויף קידוש השם מיט שמע ישראל אויף זייערע ליפען אין פייער און פלאַמען, זיי אַלע לעבען אויף אין די טעג פאַר אונזערע אויגען.

זאָלען מיר לייענען די טראַגישע בלעטער פון זייער לעבען און שטאַרבען,

און שוין דאָס, וועט אונז צו אַ פאַרשטאַרקטער אמונה פירען. זאָלען מיר אין די ספירה־טעג ציילען אונזערע מעלות און חסרונות און פאַר אונז „בנות אגודת ישראל" איז דאָס ציילען די טעג, וואָכען און יאָהרען שוין געוואָרען אַ סימן פאַר בענקשאַפט צו לעבען מיט דעם געדאַנק פון עלי־אידעאַל, למנות ימינו כן הודע!

* * *

בעת מיר זאַמלען זיך צונויף אין די נאָך־פסח'דיגע זומער־נעכט אין די שולן און בתי־מדרשים, כדי צו ציילען די טעג ביז דעם תורה־יום־טוב, דערמאַנען מיר זיך, ביי וואָסערע אומשטענדען אונזערע עלטערען האָבען אין די פאַרשידענע שווערע גלות־צייטן געציילט די ספירה־טעג, וועלכע זיינען אגב אויך אַ זכר צו צרות, וואָס אידן האָבען געהאַט אויסצושטיין פון זייערע שונאים.

מיט דעם גרעסטען מסירת־הנפש האָבען זיי מקדש השם געוועזן, בעת די שונאים האָבען זיי געצוואונגען צו פאַרשוועכען זייערע הייליגטימער. יאָהר איין, יאָהר אויס, האָבען זיי אין די שרעקליכסטע באַדינגונגען געציילט פון הקרבת העומר ביז צום יום־טוב פון מתן־תורה. מקריב געווען זייערע אייגענע בינטלעך תבואה פאַר דער תורה און געלעבט מיט דער האָפענונג אויף בעסערע צייטען, ווען זיי וועלען אומגעשטערט קענען מקיים זיין די תורה געבאָטען.

יענע שרעקליכע צייטען זיינען ב"ה שוין אַוועק. די לעבענס־באַדינגונגען זיינען היינט פיל לייכטער. צי דאַרפען מיר נישט איצט נאָך מיט מעהר איפער און ברען זיך באַמיען אונזערע בינטלעך תבואה און ערשטען באַזיץ מקריב צו זיין פאַר דער תורה?

ליידער איז עס היינט דערמיט זייער שלעכט. מיר ציילען ספירה, אָבער מיר שטעלען דערביי אונזערע בינטלעך תבואה העכער פאַר דער תורה. מיר זאָרגען, אַז אונזערע קינדער זאָלען זיין רייך אין בינטלעך און זיינען זיך נישט מצער, ווען זיי זיינען בלוט־אָרים פון דער תורה הקדושה. מיר באַמיען זיך אַלענפאַלס נישט די דערשיינונג צו באַזייטיגען.

מיר נויטיגען זיך אין וואָס מעהר שולען, וועלכע זאָלען אונזערע קינדער דערציען אַזוי, אַז זיי זאָלען פאַרשטיין מקריב צו זיין זייערע בינטלעך תבואה פאַר גאָט און פאַר זיין תורה און משיג זיין, וואָס עס לערענט אונז דאָס ציילען פון קרבן העומר ביז צו קבלת התורה.

מיר דאַרפען האָבען אַזעלכע חינוך־היימען, וואָס זאָלען אַרויסגעבען אַזאַ

דור, וואָס איז פעהיג לויטן ביישפּיל פון אונזערע עלטערען, מקדש השם צו זיין אפילו ביי די שווערסטע באַדינגונגען.

צי האָבען מיר אַזעלכע שולען אין אַ גענוגענדיגער צאָל? צי קענען די שולען, וואָס עקזיסטירען שוין יאָ, אריינגעמען אָט די גרויסע צאָל אָרימע קינדער, וואָס בעטען זיך ממש, אַז מען זאָל אויך זיי מזכה זיין מיטן גליק אָנגענומען צו ווערען, וואו זיי וועלען קענען באַפרידיגען זייערע אידישקייט־באַדערפעניסען?

ווען מיר ציילען די טעג פון הקרבת העומר ביז מתן תורה דאַרף זיך אין אונז דערוועקען יענער גיגאַנטישער כוח פון אונזערע עלטערען אין די פאַרשידענע תקופות פון גלות, וועלכע האָבען גלענצענד פאַרשטאַנען מקריב צו זיין זייערע עומר־תבואה פאַר דער תורה און אויף די חורבות פון זייערע ערדישע אייגענטימער האָבען זיי געבויט דעם „בית יעקב״, דאָס אידישע הויז. מיר דאַרפען מיט דער גרעסטער עקשנות ווייטער פאָרטזעצען דאָס בויען אונזער עלטערענס בנין צום רוהם און שבח פון גאַנצען אידישען פאָלק.

# שבועות און רות

די סיני־בליצען זיינען שוין לאַנג פאַרלאָשען, דער באַרג חורב איז אָבער נאָך נישט פאַרשוויגען געוואָרען. יעדען טאָג דערטראָגט זיך פון דאָרטען אַ קול: „אוי להם לבריות מעלבונה של תורה״ — ווי צו די מענטשען, צוליב דער תורה׳ס שאַנד!

אָט קומען אָן די טעג פון דעם תורה־יום־טוב, די טעג אין וועלכע מיר האָבען די הייליגע תורה אויפן באַרג סיני מקבל געווען. אַ מערקווירדיגער יום־טוב איז דער זמן מתן תורתנו.

יעדער אידישער יום־טוב האָט זיינע סימבאָלען, ראש־השנה — שופר, יום כיפור — פאַסטען, סוכות — די סוכה און אתרוג, פסח — זיינע מצות, שבועות אָבער האָט קיין שום סימבאָל נישט — און פאַרוואָס?

ווייל אָט דער ים־טוב איז אַ צייכען לדורות, אַז אין דעם טאָג האָט זיך הקדוש־ברוך־הוא צו אונז, צווישען דונערען און בליצען באַוויזען, און אונז זיין תורה געגעבען. און אַזוי ווי גאָט איז איינציג און זיין תורה איז איינציג קען מען עס מיט גאָרנישט סימבאָליזירען.

ווען מיר עפענען אין דעם יום־טוב די ספרי־תורות אין די שוהלען און טרעפען אָן אויף די ווערטער פון די „עשרת הדברות" — נעמט אונז אַ ציטער אַדורך. עס פיהלט יעדער אויף זיך אַ הויך פון דער אַלטער סיני־לופט. עס דאַכט זיך אים, אַז אויך ער געפינט זיך מיט זיינע רעשט מיליאָנען ברידער דאָרטען ביים באַרג סיני און הערט די ווערטער פון דעם באַשעפער!

„וידבר אלקים את כל הדברים האלה לאמר" — און גאָט האָט אַרויס־געזאָגט די פאָלגענדע ווערטער. דער וועלט־באַשעפער האָט גערעדט! יעדער צווייפעל אין תוכן—, יעדער ספק אין דער געטליכקייט פון יעדען וואָרט אין דער תורה איז באַזייטיקט. עס איז אויך אַוועקגענומען געוואָרען די מעג־ליכקייט דאָס וואָרט פון איינציגען גאָט לויט אייגענע השערות משנה צו זיין.

* * *

אָבער נאָך עפּעס ווערט אין דעם דאָזיגען יום־טוב אָן סימבאָלען געלייענט: „מגילת רות". איז עס דען נישט אַ וואונדער, וואָס גראָד אין שבועות, אין דעם יום־טוב פון אלע ימים־טובים, האָבען אונזערע חכמים פאַר אונז צו־געגרייט צו לייענען מגילת רות, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר עפּעס אַן אינטערעסאַנטע פּאַרצייטישע מעשה?

ווען מיר וועלען זיך אָבער נאָענטער באַקענען מיט דעם קליינעם ספרל, דערזעען מיר, אַז מיר, בפרט אידישע פרויען, קענען פון די פּאָר בלעטלעך פיל, זייער פיל, זיך אָפּלערנען.

אלימלך, אַ רייכער אידישער אַריסטאָקראַט פון בית לחם, קאָן נישט צוזעהן, ווי זיינע ברידער פייניגען זיך אין אַ צייט פון גרויסען הונגער און אנשטאָט זיי אַרויסצוהעלפען, אַנטלויפט ער אין אַ פרעמד לאַנד, קיין מואב... ער באַקומט אָבער גלייך זיין עונש: ער און זיינעביידע זין, מחלון און כליון שטאַרבען אַוועק יונגערהייט, און נעמי זיין פרוי בלייבט איבער אַ פאַר־אָרימטע און צעבראָכענע אלמנה מיט אירע ביידע שנורען: רות און ערפּה.

און נעמי דערוויסט זיך, אַז אין לאַנד יהודה האָט זיך דער הונגער שוין געשטילט, קען זי מער אין מואב נישט איינזיצען און באַשליסט צוריק אַהיים צו גיין.

און דריי פאַראומערטע אלמנות לאָזען זיך אויפן וועג קיין ארץ ישראל, אַקעגען אַ גאַנץ אומבאַקאַנטער צוקונפט. איין נעמי בלויז ווייסט, וואָס איר שטייט נאָך פאָר אין לעבען. זי ווייס, אַז קיין פּאַלאַצען מיט עשירות וואַרטען

דאָרטען נישט אויף איר, נאָר מענטשען וועלען קוקען אויף איר ווי אויף אַן אָפּגעקומענע נגידות׳טע און נאָך אפשר איר צולייגען אַ פּאַרציע מוסר, אַז דערפאַר האָט זי גאָט געשטראָפט, ווייל זי האָט זיי פאַרלאָזט אין אַ שלעכטער צייט. זי ווייסט דאָס גאַנץ גוט, אָבער די בענקשאַפט נאָך איר לאַנד איז אַלץ גובר.

ביי דער גרעניץ פון יהודה שפילט זיך אָפּ אַ דראַמאַטישע סצענע. נעמי געזעגענט זיך מיט אירעביידע שנורען, דאַנקט זיי פאַרן באַגלייטען ביז אַהער, און בעט זיי צוריק צו קערען צו זייערע קעניגליכע עלטערען, וועלכע וואַרטען זיכער אויף זיי מיט אָפענע הענט.

נעמי וויל נישט, אַז דאָס רחמנות־געפיל פון זיי צו איר זאָל זיי צווינגען צו קומען אין הייליגען לאַנד אַריין און זיך דאָרטען פּיהרען ווי אידישע פרויען. זי הייסט זיי אומקערען אַהיים און ווינטשט זיי צו געפינען ביי אַנדערע מענער דאָס פאַרלוירענע גליק.

זיי קושען זי און צעוויינען זיך אויף אַ קול: „ניין, נאָר מיט דיר וועלען מיר גיין, צו דיין פאָלק!" זיי ווייסען גאַנץ גוט ווי שווער עס איז די אידישע אמונה, וואָסערע פרעמדע סביבה עס וואַרט דאָרטען אויף זיי דאָך ווילען זיי מיט איר פאַרבלייבען.

נעמי דערקלערט זיי, אַז זי שעצט זייער ליבע צו איר און איז זיי טאַקע דערפאַר דאַנקבאַר, אָבער זי וויל נישט, אַז זיי זאָלען זיך מקריב זיין פאַר איר. ביי איר וועלען זיי קיין גליק נישט געפינען. דאָס אמתע גליק קאָן אַ פרוי נאָר האָבען אין איר מאַנס הויז. און ביי מיר וועלען זיך דאָך שוין קיין קינדער נישט באַווייזען!

דריי מאָל רעדט זי זיי צו, פונקט ווי מיר טוען עס ביי גרים, אַז זיי זאָלען זיך אומקערען. זי וויל נישט, אַז זייער באַשלוס זאָל זיין אָפּהענגיק פון מאָמענטאַלע געפיהלען, נאָר נאָך אַ לענגערער איבערגעטראַכטער החלטה. אירע שנורס טרערען ריהרען זי אפילו זייער, אָבער קאַלט און איבערלייגט פּרואווט זי זייערע כאַראַקטערען.

ערפּה האָט זייער אַ שוואַכען כאַראַקטער. איר ציט אַהיים. און זי לאָזט זיך טאַקע איבעררײדען. אין מיטען וויינען ווערט פאַר איר קלאָר, אַז די אַלע פּליכטען, וואָס דער אידישער דת פאַרלאַנגט זיינען צו שווער פאַר איר, און זי וועט נישט קאָנען אויסהאַלטען ביי איר שוויגער. און זי גע־זעגענט זיך מיט איר באַדעקענדיג זי מיט הייסע צערטליכע קושען. זי איז נישט קיין פרוי אָן אַ האַרץ, זי קאָן וויינען און קושען...

דער מדרש אָנערקענט ערפּה׳ס קושען אַלס עכטע, האַרציגע, נישט מאַסקירטע. דערפאַר האָט זי טאַקע זוכה געווען צו האָבען פאַר אַ זון דעם העלדישען גלית הפלשתי, וועלכער קעמפט שפּעטער מיט רות׳ס אַן איינינקעל, דוד.

„ורות דבקה בה״. רות גיסט נישט מיט קיין טרערען, קושט נישט, נאָר „דבקה בה״, האַלט זיך פעסט אָן נעמי׳ן, עס באַווייזט זיך שוין איר פעסטער כאַראַקטער, איר העכערע גייסטיגקייט און זיטליכקייט איבער איר שוועגערין ערפּה. בשעת די לעצטע וויל מיט אירע טרערען און קושען אויסדריקען נעמי׳ן איר סימפּאַטיע און אנערקענונג. אָבער אַליין איז זי צו שוואַך און קליין אַזאַ הויכע גייסטיגקייט אויף זיך צו נעמען — באַווייזט עס אָבער רות גראַד יאָ, און וויל נישט אָפּקומען בלויז מיט סימפּאַטיעס, קושען און טרערען. זי באַשליסט מיטצוגיין מיט נעמי׳ן ביזן אָרט, פון וואַנען עס שטאַמט דאָס הויכקייט. זי איז שוין תופס, אַז דאָס שליחות פון ישראל ענדיגט זיך נישט ביי דעם, וואָס די אַנדערע פעלקער וועלען עס אָנהויבען באַוואונדערען און אויסדריקען זייערע סימפּאַטישע געפיהלען. נאָר ערשט דעמאָלט, ווען דער גייסט פון דעם אידענטום וועט די גאַנצע וועלט באַהערשען און אַריינדרינגען אין אַלע הערצער. דאָס איז די ריכטיגע באַ־דייטונג פון הויכען... קוש פון ערפּה און דאָס שטילע דביקות פון רות.

נעמי צווייפעלט אָבער נאָך אַלץ אין דעם פעסטען באַשלוס פון רות און פּרואווט אויף איר ווייטער ווירקען: „זעה, דיין שוועגערין איז שוין צוריק געגאַנגען צו איר פאָלק, צו אירע געטער, גיי דו אויך נאָך איר!״

רות האָט שוין אָבער אין גאַנצען אויפגעפּאַסט די גרויסע אויפגאַבע פון דער אידישער טאָכטער. זי ווייסט אַז דאָס אידענטום פאַרלאַנגט פון יעדען מענטש אַ גייסטיג זיטליך לעבען און אַלע אירע מצוות האָבען דעם איינעם צוועק: אויסצואיידלען דעם מענטש און אַריינגעבען אין אים גוטע מידות כדי ער זאָל קענען גלייך מקיים זיין הן די מצוות וועלכע זיינען פאַר יעדען פאַרשטענדליך און הן די וועלכע מיר קאָנען מיט אונזער שוואַכען שכל נישט משיג זיין. און ביי דער גרעניץ מואב־יהודה איז רות אויף זיך מקבל די הייליגע תורה פּונקט ווי די אידען ביים באַרג סיני. עס אַנט־וויקעלט זיך צווישען איר און דער שוויגער אַן אינטערעסאַנטער דיאַלאָג. נעמי זאָגט צו איר: „יעדער שריט פון דעם אידען איז געמאָסטען. אין דעם זיבעטען טאָג טאָר ער דעריבער ווייטער ווי אַ תחום־שבת נישט גיין!״ אויף דעם ענטפערט רות: „דיינע טריט וועל איך נאָכגיין. ביז וואַנען דו

וועסט גיין — וועל איך אויך גיין!" זאָגט נעמי ווייטער: „אונזער פאַמיליע לעבען איז ווי אַ פעסטונג. שטרענג מוז זיין די מחיצה צווישען מאַן און פרוי!" ענטפערט רות: „איך וועל זיך גערען לאָזען פאַרמויערען אין דער פעסטונג. דאָרט וואו דו נעכטיקסט — וועט אויך מיין געלעגער זיין!" טוט איר נעמי ווייטער דערקלערען אַז אונזער גאָט איז אַנדערש פון די רעשט אָפגעטער, פונקט ווי מיר זיינען אַנדערש פון אַנדערע פעלקער, מיר פאַרמאָגען 613 מצוות, וואָס קיין אַנדער פאָלק פאַרמאָגט נישט, און דעריבער זיינען: גאָט תורה און ישראל — איינס! אויף דעם ענטפערט רות מיט באַגייסטערונג: „מיט מיין גאַנצער נשמה בין איך מיט דיין פאָלק. דיין גאָט, דער באַשעפער פון אַלעם — איז אויך מיינער און דעריבער געהער איך אויך צו דיין פאָלק. מיר וועלען שטאַרבען און ווערען גלייך באַגראָבען. איך שווער: נאָר דער טויט וועט אונז קאָנען צעשיידען!"

מער קאָן און טאָר שוין נעמי זי נישט אָפריידען. זי אַליין איז אויך פול מיט באַוואונדערונג פאַר דער קעניגלעכער טאָכטער, וועלכע אַנטלויפט פון אַ פריי זאָרגלאָז לעבען, פול מיט תענוגים און קלויבט זיך אויס דאָס שווערע לעבען פון אַ פאַראָרימטע אידישע טאָכטער.

ווען נעמי רעדט שוין גאָרנישט און דערלויבט איר מיט זיך מיט־צוגיין, דעמאָלט פיהלט זיך רות ערשט פריי און לוסטיג. זי האָט שוין גענוג פון די ליידענשאַפטען און תאוות צו די ערדישע פאַרגעניגענס, וועלכע זי האָט זיך אָנגעזעהן ביי אירע קעניגליכע עלטערען. פריי איז דער יעניגער, וועלכער האָט פון זיך אַראָפגעוואָרפען יענע תענוגים און אויף זיך גענומען דעם עול פון מצוות, וועלכע פאַרשאַפען אים די אמתדיגע גייסטיגע פאַר־געניגענס, און באַפרייען אים פון יענע תאוות.

* * *

איז אַ וואונדער, פאַרוואָס די חכמים האָבען פאַר אונז פון דעם גאַנצען תנ"ך באַשטימט צו לערנען אין שבועות אין אָט דעם קליינעם ספר'ל? וואָסערע שיינע האַרמאָניע אין דעם מתן תורה ברענגט אַריין די מעשה וועגען יענער פרעמדער וואונדערליכער טאָכטער, וואָס האָט מיט אַזאַ התלהבות מקבל געווען די זעלבע תורה!

און מיר לייענען אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלען, מיט וואָס פאַר אַ זאָרג־פעליגקייט רות היט אָפּ אַלע מצוות. צום ערשטען קומט איר אויס מקיים צו זיין די מצוה פון לקט, וועלכע איז אונז אַזוי ווייניג באַקאַנט צוליב דעם,

וואָס מיר וואוינען נישט אין אונזער הייליג לאַנד. פּאַרצייטענס, בעת מען האָט געשניטען די תבואה, זיינען אָרימע לייט נאָך געגאַנגען די שניטערס אין אַלע פעלדער און געקליבען די רעשטלעך איינצעלנע און צוויי זאַנגען, וואָס זיינען געבליבען ליגען אויף דער ערד. דאָס איז געווען די מצוה לקט.

רות נעמט אַ דערלויבעניש פון איר שוויגער און גייט קלויבען זאַנגען צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אָרימעלייט. זי מישט זיך אויס צווישען זיי און קיינער דערקענט נישט אין איר די קעניגליכע מואב׳ישע טאָכטער.

אָבער גלייך אין די ערשטע טעג ווערט בועז, דער אייגענטימער פון אַ סך פעלדער ,אויפמערקזאַם אויף איר. נישט איר שיינקייט ציט זיין אויפמערקזאַמקייט, נאָר איר איידעלקייט, אָפּגעהיטענקייט, צניעות׳דיג אויפ־פיהרען זיך בעת׳ן אַראָפּבייגען זיך און אויפשטייען, איר שטרענג אָפּהיטען די מצוה פון לקט, און צו מער ווי צוויי זאַנגען צוזאַמען טוט זי זיך נישט צוריהרען. ער פאַראינטערעסירט זיך מיט איר, דערנענטערט זיך צו איר, און די דערציילונג שפּינט זיך אַזוי לאַנג ביז זי ווערט זיין פרוי, פון וועלכע עס קומט אַרויס דוד המלך, דאָס גאַנצע מלכות בית דוד ביז דעם מלך המשיח, דער אויסלייזער פון דער מענטשהייט, וועלכער וועט אויך פון איר אַרויס־קומען.

דאָס דאַרף זיין אַ גרויסער מוסר־השכל פאַר אַלע אידישע טעכטער, וועלכע פאַרטוישען חלילה די תורה הקדושה אויף פרעמדע קולטען. זאָלען זיי זיך פאַרקוקען אויף די פרעמדע מואבית, רות, וועלכע איז צו אונז געקומען פון— געצענדינערישע קולטורען, און ווי רייך זי איז באַלוינט געוואָרען פאַר מקיים זיין אַלע מצוות ?

„אל תלכי ללקוט בשדה אחר״. — צי וואָס דאַרפט איר קלויבען אויף פרעמדע פעלדער ? וואָס וועט איהר דאָס דאָרט געפינען ?

# אין דעם חודש תמוז

אין דרויסען ברענט אַ היץ, די זון גליהט, פעלדער לאַכען צו אונז מיט די בעסטע האָפענונגען און זאָגען אָן די בשורה אויף פיל תבואה. ליידער אָבער קענען די שענסטע נאַטור־בילדער, די בעסטע בשורות וועגען אַ גוט יאָהר, דעם אידען נישט פריילּיך מאַכען. קומט נאָר אָן דער חודש תמוז, ווענדט זיך יעדע געטרייע אידישע האַרץ צו איר פאַרגאַנגענהייט און באַלד שטעלען זיך פאַר אירע גייסטיגע אויגען: חורבן, צעשטערונג און פאַרניכטונג.

אַ סך בלעטער פון אונזער געשיכטע זיינען מיט טרעהרען דורכגעווייקט. אָבער די בלעטער וואָס באַדען זיך ממש אין טרעהרען האָבען אונז די „דריי וואָכען" געגעבען. די גרעסטע אידישע קאַטאַסטראָפעס: נבוכדנצר (בבל), טיטוס (רוים) און פערדינאַנד (שפּאַניע), זיינען אין דער צייט געשעהן. גלייך ווי זיי וואָלטען דעם איד זאָגען, אַז אַלע שטראָפען זיינען נאָר אַ המשך פון דעם ערשטען אַלטען אומגליק, אַז דאָס גלות, וואָס עס האָט זיך פאַר אונז ביי נבוכדנצר'ן אָנגעהויבען, וועט זיך פריער נישט ענדיגען ביז אַלע פעהלערען וואָס האָבען אויף אונז געבראַכט דאָס גלות וועלען אין גאַנצען נישט פאַרשוואונדען ווערען. דעריבער דאַרף נישט בלויז דאָס טרויערען זיין דער עיקר אין די יעניגע טעג, נאָר אויך תשובה און פעסטער רצון די פעהלערען געווי צו דערקענען און זיי פון אונזער אידישער קרייז אַרויסרייסען.

די צוויי שרעקליכע חורבנות דערמאַנען אונז אַמבעסטען, אַז דערפאַר, וואָס מיר האָבען אונזער חוב לגבי גאָט און דער הייליגער תורה נישט ממלא געווען, מוזען מיר זיך ווייטער אין פרעמדע לענדער אַרומוואַלגערען. מיר דאַרפען זיך זאַמלען פאַר דעם באַשעפער און מפשפש זיין אין אונזערע מעשים, צי זיי זיינען שוין היינט לויט זיין רצון.

מיר וועלען זיך פאָרשטעלען אַ בילד פון דעם ערשטען שבעה עשר בתמוז אין אונזער געשיכטע: די זעלבע זון, וואָס האָט אין יענעם טאָג געזעהן, ווי ווילדע רוימער האָבען די מויערען פון ירושלים איינגעבראָכען, האָט אויך מיט אַנדערטהאַלבען יאָר טויזענט צוריק אַזאַ בילד באַמערקט: פערציג טעג זיינען קוים אַדורך ווי דאָס אידישע פאָלק האָט מיט אַזאַ באַגייסטערונג דעם באַרימטען „נעשה ונשמע" אויסגערופען און שוין איז היינט אַ גאַנץ

אומגעריכטע זאַך געשעהן. אין דעם שיינעם פריה־מאָרגען האָט זיך פון באַלד אין דער פריה אָן דערטראָגען אַ געררויש פון דער אידישער מחנה. נישט קיין קריגס־אַלאַרם איז עס געווען, נישט קיין נצחון־ליד, נאָר אַ פרייד־געשריי: „קול ענות", וואָס צעשניידט דאָס האַרץ: אַ יובל־ליד אַרום אַ... גאָלדענעם עגל!...

און דער באַשעפער זאָגט דעמאָלט צו משה'ן: „לך רד"! — גיי אַראָפּ! דיין פאָלק האָט שנעל דעם וועג פון מיין תורה פאַרלאָזט, ער האָט זיך אַ קאַלב געגאָסען, צו אים קרבנות געבראַכט און גערופען: דאָס זיינען די געטער, וואָס האָבען דיך פון מצרים אַרויסגענומען!" עס נידערט אַראָפּ משה ,אונזער געטליכער מנהיג, פון באַרג סיני, אין זיינע הענט זיינען די לוחות הברית, ער דערנענטערט זיך צו דער מחנה און דערזעהט דאָס פאָלק אַרום דעם עגל טאַנצען. זיין צאָרען צעפלאַקערט זיך, וואַרפט אַרויס די לוחות פון זיינע הענט, און זיי ווערען צעשמעטערט אונטער דעם באַרג.

זיבעצען טאָג אין תמוז זיינען די לוחות צעבראָכען געוואָרען, און מיר, צי קאָנען מיר די דאָזיגע עבירה פאַרגעסען? דאַרפען מיר נישט זאַמלען די שטיקער פון די צעשמעטערטע לוחות און זיך פון זיי אַרויסנעמען אַ לימוד און אַ וואָרענונג? זאָלען מיר זיך נישט פאַרטראַכטען, פאַרוואָס די לוחות זיינען צעבראָכען געוואָרען? און ווי זעען מיר היינט אויס נאָך זייער חורבן?

און דער פסוק זאָגט דאָרטען: ווען נאָך דעם, ווי ער האָט מיט משה'ן אויפן באַרג סיני געענדיגט צו ריידען, האָט ער אים צוויי לוחות העדות געגעבען, די טאָוולען זאָלען עדות זיין, אַז ער — דער באַשעפער, האָט מיט איהם גערעדט, זיי זאָלען אונז לערנען, ווי אַזוי מיר דאַרפען מקיים זיין זיינע ווערטער. ווי שטייט דאָרטען: „די לוחות זיינען געווען פון שטיין, אָבער מיטן געטליכען פינגער געשריבען". דער שטיין, דער חומר, האָט ערשט דעמאָלט זיין תיקון באַקומען, ווען גאָט האָט זיינע געזעצען אויף אים אויסגעקריצט. דאָס לערענט אונז, אַז דער גוף באַקומט ערשט דעמאָלט זיין ריכטיגען ווערט, ווען ער וואַרפט זיך אונטער מיטן רוח און דיבור גאָטס ווילען.

„און די טאָוולען זיינען געווען געשריבען דורך און דורך — „מזה ומזה" — וואו דו ווענדסט זיי זיינען זיי פאַרשריבען. נישט אויבערפלעכליך און נישט איינזייטיג דאַרפען מיר דאָס סיני־וואָרט באַגרייפען. אין גאַנצען מוז עס אונז דורכדרינגען, ממלא זיין אונזערע אַלע חושים, און אויף אַלע

זייטען זאָל די געטליכע שריפט דערשיינען פאַר אונז לעזבאַר און רעכט פאַרשטענדליך.

וואָס זעען מיר אָבער? נאָך פערציג טעג האָט מען גלייך פאַרגעסען, וואָס מ׳האָט אין דער גרעסטער באַגייסטערונג צוגעזאָגט. אָט ליגען די לוחות צעשמעטערט... צעבראָכען איז אָבער בלויז דער שטיין; די שריפט, די געטליכע שריפט איז נישט פאַרניכטעט געוואָרען, אין הימעל איז זי צוריק אַרויפגעפלויגען... ביי אַ פאָלק, וואָס האָט אַרום אַן עגל געטאַנצט, איז פאַר איר קיין פלאַץ נישט געוועזען.

די פאָלגען דערפון? דאָס זעען מיר פון דעמאָלט אָן ביז היינט: פון אונזער לאַנד זיינען מיר פאַרטריבען געוואָרען, צרות האָבען מיר איבער־געלעבט אָן אַ שיעור, אין גלות מוזען מיר וואַנדערען. אָבער נישט אייביג וועט אַזוי זיין. עס וועט קומען אַ צייט, ווען תשובה וועט אַלעמען באַהערשען, דער חטא פון עגל וועט ווערען פאַרגעבען און דעמאָלט וועט אויך די ריכטיגע גאולה קומען!

---

# חורבן ירושלים

ירושלים איז געפאַלען, צוויי מאָל געפאַלען. עס איז דער שרעקליכסטער שוואַרצסטער מאָמענט אין אונזער געשיכטע.

נאָך מיט דריי וואָכען פריער, אין שבעה־עשר בתמוז, אין טאָג ווען אין די ירושלימער מויערען האָבען זיך באַוויזען שפּאַלטען — הויבען מיר אָן צו באַוויינען און טרויערען אויף דעם חורבן בית־המקדש. אין דער צווישענצייט איז „בין המצרים״ — צווישען די גרעניצען פון טרויער און האָפענונג. מיר ווייסען נישט ווי מיר האַלטען אין דער וועלט. דער שונא קומט טאַקע אָט־אָט אַריין אין דער שטאָט, אָבער מען לעבט נאָך מיט אַ שטיקעל האָפענונג: אפשר וועט געשעהן אַ נס.

אָבער סוף־כל־סוף קומט אָן דער גרויסער חורבן. דער גזר־דין איז שוין פריער אָפּגעחתמ׳עט געווען. עס איז גאָרנישט וואָס צו מאַכען. אַלץ ווערט פאַרברענט און צעשטערט. עס קומען אום אָן אַ צאָל אידען און די רעשט מוז נעמען דעם וואַנדער־שטעקען און זיך לאָזען אין פינסטערען גלות אַריין.

מיר פאַסטעןביידע טעג: אין דער התחלה און אין דעם סוף. שבעה־עשר בתמוז און תשעה באב. אויב דער תענית זאָל זיין פאַר אונז דאָס, וואָס ער דאַרף באמת זיין, אַ טאָג פון אמתער תשובה, וואָלטען מיר געוואָרען באַ־גייסטערט און טיפער פאַרשטאַנען דעם מהות פון אידישקייט.

* * *

צי איז דען נישט היינט די פאַסיגסטע צייט אויסצורופען צו אונז אַלעמען:

— אידען! פאַרלירט זיך נישט אין דעם זוכען נייע גליקען! קומט דאָך צו זיך אַליין, אויב איהר זוכט באמת דאָס, צו וועלכען די אידישע נשמה בענקט שוין קרוב צוויי טויזענט יאָהר!

ווען מיר שטעלען זיך אַליין די דאָזיגע שאלה מוזען מיר צוריק קומען צו אַ פראַגע, וואָס איז געשטעלט געוואָרען בעת דעם חורבן:

— „על מה אבדה הארץ” — פאַרוואָס איז דאָס לאַנד פאַרלוירען געגאַנגען? און קיין תשובה האָט קיינער דערויף נישט געקענט געבען ביז —

— ויאמר ד׳ — גאָט אַליין האָט געזאָגט — על עזבם תורתי אשר נתתי לפניהם — ווייל זיי האָבען פאַרלאָזט די תורה, וואָס איך האָב זיי געגעבען! — הלואי אותי עזבו ואת תורתי שמרו — הלוואַי וואָלטען זיי מיך פאַרלאָזט און מיין תורה געהיטען!

* * *

מיר האָבען גאָטס תורה פאַרלאָזט. די קאַלענדאַר־נאָטיץ וועגען די דריי וואָכען איז נישט פאַר אונז בלויז אַ נאָטיץ — זיי פיהרען אונז אַריין אין דעם זמן פון אונזער קאַטאַסטראָפע און מיר הערען ווי ירמיהו הנביא רופט: „שמעו דבר ה׳ בית יעקב”! — הערט אויס גאָטס רייד, יעקב׳ס הויז! אָדער ווי ישעיהו הנביא רופט הימעל און ערד פאַר עדות געגען אידען.

מיר הערען אויס זייערע ווערטער און מיר פיהלען, אַז כאָטש ירושלים און דאָס בית־המקדש זיינען חרוב, זיינען זיי דאָך געבליבען אַן אייביג היילגטום אין אונזער גלות. מיר הערען דורך זייערע ליפען די דונערענדיגע ווערטער פון גאָט און פרעגען זיך נישט ווילענדיג:

— וואָס וואָלט געזאָגט ירמיהו אָדער ישעיהו הנביא ווען זיי וואָלטען צו אונז היינט געקומען? — „שמעו דבר ד׳ בית יעקב”!

די דאָזיגע ווערטער האָט ירמיה געזאָגט אין די לעצטע טעג פון ירושלים. ר׳ לוי איז די ווערטער אַזוי מפרש: הערט! איהר וועט אַמאָל מוזען

הערען, עס וועט דאָך אַמאָל מוזען צוקומען צו אייער האַרץ! הערט עס אויס אַלס תורה־וואָרט, כדי איהר זאָלט עס נישט דאַרפען הערען אַלס שטראָף־וואָרט! הערט עס אַלס שטראָף־רייד, כדי איהר זאָלט עס נישט געצוואונגען זיין צו הערען אַלס פאָרוואורף! הערט די פאָרוואוף־ווערטער, אַז נישט וועט איהר מוזען הערען מלחמה־טרומייטען! הערט בעסער אין דעם אייגענעם לאַנד, איידער איהר זאָלט עס דאַרפען הערען אין אַ פרעמד לאַנד! הערט עס שוין גיכער ביים לעבען, צו וואָס זאָלט איהר עס ערשט מוזען הערען נאָכן טויט! לאָזט אייערע אויערען הערען די ווערטער, כדי עס זאָלען עס נישט מוזען הערען אייערע טרוקענע ביינער — ווייל אַמאָל וועט איהר עס דאָך מוזען הערען! הערט גאָטס וואָרט, איהר בית יעקב, אַלע ישראל פאַמיליעס!

* * *

אַז דאָס וואָרט פון נביא האָט אונז שוין געעפענט די אויגען צו זעהן די אמתע סיבה פון אונזער ירידה, זיינען אויך מיר, אידישע טעכטער, מחויב זיך ערנסט צו פאַרטראַכטען: וויפיל חטאים פון חורבן האָבען שוין געקענט מכפר זיין אונזערע גוטע מעשים?

מיר מוזען זיך ערנסט פאַרטראַכטען, ליבע שוועסטער, נישט קוקען דורך פאַרגרעסערונגס־גלעזער, וועלכע וועלען אונז ווייזען, אַז מיר מוזען זיך מיט אַלעם צופאַסען צום גייסט פון דער צייט, הן מיטן לבוש הן מיט בילדונג א. א. וו. לאָמיר איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַראָפּרייסען פון אונזערע אויגען די בלאַנע, כדי מיר זאָלען קענען זעהן, אַז נישט דאָס, וואָס איז פרעמד — איז גוט און שיין, נאָר דאָס וואָס די תורה הקדושה הייסט אונז — דאָס איז גוט, דאָס איז לעבען.

נאָר דעמאָלט וועלען מיר באמת קאָנען וויסען ווי נאָענט, אָדער ווי ווייט, מיר געפינען זיך פון דעם מאָמענט, אין וועלכען מען וועט אויסרופען:

— התעוררי, קומי ירושלים, דערוואַך און שטיי אויף ירושלים!

---

# שבת נחמו

**א פּאָר** טעג זיינען ערשט פאַרגאַנגען, זינט מיר זיינען אויף דער ערד ווי אבלים געזעסען און געטרויערט... אַלע האָבען מיר אָן אויסנאַם געטרויערט נאָך אונזער גייסטיגער מוטער, נאָך ציון וירושלים, נאָך דעם בית־המקדש, וועלכע האָבען אונז מפרנס געוועזן — דערצויגען און אָנגעטרונקען מיט דעם געטליכען גייסט. זי איז שוין נישטאָ, די זאָרגפעלטיקע מאַמע; מוטערלאָז און עלענד זיינען פאַרבליבען, אירע קינדער. שוצלאָזע און אָרימע יתומים פון דער מוטער, אָבער נישט פון דעם פאָטער, פון אייביגען לעבעדיגען פאָטער, וועלכער פאַרלאָזט זיי נישט אפילו אויף קיין איין מינוט אין זייער שווערען גלות, כאָטש זיי זעען אים נישט.

דאָס ווידער־קול פון די טרויעריגע קינות קלינגט נאָך אין די אויערען און דאָך איז עפּעס לייכטער אויפן האַרצען, דאָס געמיט איז פרייער, לוי־טערער... וואָס איז דאָס? ווי קען אַ מענטש מיט האַרץ אַזוי שנעל ענדערען זיינע געפיהלען? נאָך אַ דריי וואָכיגען טרויער איז צו אונז געקומען דער שבת נחמו, שבת פון טרייסט: פאַרשוואונדען איז דער שמערצליכער באַוואוסטזיין פון טיפען עלענד, מיט די שענסטע האָפנונגען קוקען מיר אַרויף... צום הימעל, ווי קען אָבער דאָס טרויער־געפיל אַזוי שנעל פאַר־שווינדען?

פאַרטיפענדיג זיך אין דער פראַגע קענען מיר דעם ענין פאַרשטיין אויף אַזאַ אופן:

פאַר אונזערע אויגען שטייט אַ מאַן, וואָס האָט זיין געליבט קינד פאַרלוירען. זיין שמערץ איז גרויס. זיין צער און ווייטאָג איז גוואַלדיג. ער זיצט פאַרביטערט אויף דער ערד, און עס דאַכט זיך אים, אַז קיין שום כוח אין דער וועלט איז נישט ביכולת זיין צער צו שטילען. אפילו די טרייסט־ווערטער פון זיינע נאָענטע קענען אויך זיין ווי נישט פאַרקלענערען. שפּעטער אָבער, שטייט ער דאָך אויף פון דער ערד, באַרואיקט זיך צו ביסלעך, כאָטש דאָס פאַרלוירענע קינד וועט שוין קיינמאָל נישט צוריק קערען צו אים. די „צייט" איז שטאַרקער פאַר זיין שמערץ, זי באַזיגט אים, ביז ער ווערט אין גאַנצען באַהערשט דורך איר. די גרעסטע שמחה אָדער טיפסטער שמערץ ווערען מיט דער צייט פאַרווישט, איבערלאָזענדיג זעלטען נאָך זיך וואָסערען רושם.

דאָס זיינען די געפיהלען, ווען אַ איד פאַרלירט ר"ל אַ קינד, וויסענדיג אַז: „כי עפר אתה ואל עפר תשוב". — אַנדערש איז אָבער דער צער פון די עלטערען, ווען זייער קינד שטאַרבט פאַר זיי אָפּ גייסטיג. דעמאָלט איז דער שמערץ פיל טיפער, דער צער — שרעקליכער און ווערט קיינמאָל נישט פאַרגעסען.

פאַרוואָס ?

ווייל כל־זמן דאָס קינד לעבט, קען נישט אויפהערען דאָס עגמת־נפש, וואָס עס פאַרשאַפט. גרויס, זייער גרויס איז דער שמערץ, אָבער גרויס איז אויך די האָפענונג, אַז דאָס קינד וועט נאָך אַלץ באַווייזען גוט צו מאַכען.

ירושלים איז צעשטערט, אַלע הייליגטימער — חרוב, דאָס אידישע פאָלק — פאַרטריבען פון זיין היים, אָבער — עס לעבט נאָך. און ווייל עס לעבט קען די הערשענדיגע צייט דעם צער נישט פאַרקלענערען. יעדער תשעה־באב ברענגט דעם איד די זעלבע טרויער־געפיהלען.

יאָ, נאָר דער זכרון נאָך טויטע קען פאַרגעסען ווערען, דאָס וואָס די ערד דעקט צו מוז ביסלעכווייז אָפּגעווישט ווערען. דאָס וואָס לעבט אָבער און עקזיסטירט קען און וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסען ווערען. ירושלים לעבט און וועט לעבען... און די נחמה, וואָס באַהערשט אונז אין שבת נחמו איז דער בעסטער סימן, אַז אונזער מוטער ציון וועט אונז סוף־כל־סוף ווידער אויפנעמען אין איר שויס.

„נחמו, נחמו עמי, יאמר אלקיכם" !

מיר האָבען זיך אויפגעהויבען פון דער ערד, וואו מיר האָבען זיך אַוועק־געזעצט פאַריאָמערט און פאַרוויינט. מיר האָבען אַראָפּגעשיט דאָס אַש פון דעם קאָפּ און אויסגעטאָן די טרויער־מלבושים. די טרייסט, וועלכע איז צו אונז פון אויבען געקומען בלאָזט אַריין פרישע האָפענונגען אין האַרצען. די בעסטע בטוחות, אַז אונזערע האָפענונגען וועלען פאַרווירקלעכט ווערען איז די ריינע שמחה אין שבת נחמו.

# חמשה עשר באָב

צװײ געפּיהלען און טרויער זיינען די הויפּט־סימנים פון ערשטען האַלבען חודש אב, קומען מיר אָבער צו דער צװייטער העלפט — ענדערט זיך גלייך אַלץ. שבת נחמו איז דער ערשטער שטראַל פון טרייסט און באַרוהיגונג, אין חמשה־עשר באב איז שוין דער יום־טוב פון אמתער שמחה. אין דעם ליגט טאַקע דער גרויסער כוח פון אייביגען איד, וואָס איז אַזוי צוזאַמען געגאָסען מיט די געשעהנישען פון זיין עבר, אַזוי איינגעלעבט אין די ליידען און פריידען פון זיין העלדישער געשיכטע, אַז זיי קענען אים מיט זייער גרויסער השפעה אַרויספירען פון דער טיפסטער אבילות ביז דער אמתער שמחה.

וואָס איז דאָס אַזוינס געשעהן פריילִיכעס אין פינפצענטען טאָג אין חודש אב?

פינף זאַכען זיינען מיט דעם דאָזיגען טאָג פאַרבונדען:

א) די מגפה, וואָס איז אויסגעבראָכען אין דער מדבר צוליב דעם חטא פון די מרגלים האָט זיך אין פינפצענטען טאָג פון אב איינגעשטילט;

ב) אין דעם טאָג איז פאַרענדיגט געוואָרען דאָס פאַרבערייטען פון דעם האָלץ, וואָס איז געוואָרען געברענט אויפן מזבח אַ גאַנץ יאָהר;

ג) עס איז אַראָפּגענומען געוואָרען דער איסור חיתון מיטן שבט בנימין;

ד) די אידען האָבען באַקומען דאָס רעכט צו קבורה צו ברענגען די מתים פון דער שטאָט ביתר, נאָך אַכצעהן חדשים זיך אַרומוואַלגערען;

ה) אין חמשה עשר באב האָבען זיך די אידישע טעכטער פאַרזאַמעלט אין די גערטנער צום טאַנץ.

באַטראַכטען מיר דעם לעצטען פאַקט, וואָס איז ספּעציעל נוגע דער אידישער טאָכטער, באַמערקען מיר די באַלערענדע שטריכען פאַר אונזער היינטיגען ווייבליכען דור. ווייסע געבאָרגטע קליידער גלייך פאַר אַלע אידישע טעכטער, אָן אונטערשיד פון אָרים און רייך — ווי שיין קלינגט דאָס! היינט, ווען די אידישע טאָכטער איז משוקע אין מבול פון כל־ערליי מאָדעס, און פאַרגעסט אָפט די שענסטע אידישע צניעות־מדה, דאַרף אָט דער פאַקטאָר אונז פיל לערנען. אידישע טעכטער פאַרזאַמלען זיך אין זייער ספּעציעלען יום־טוב אין פּשוטע ווייסע און נאָך דערצו געבאָרגטע קליידער. קיין שפּור פון לוקסוס און קליידער קולט, נישטאָ דער נאַרישער שטאָלץ פון רייכען

לגבי דעם אָרימען, וועלכער ברענגט דעם לעצטען אים תמיד נאָך צומאַכען אין זיינע תאוות און הנאות. אַלע מוזען טראָגען געבאָרגטע קליידער, וואָס עס ווייזט בולט, אַז אַלץ וואָס דער מענטש באַזיצט איז נישט זיין אייגענטום, נאָר פון גאָט איז עס אים געשאָנקען געוואָרען, און ער דאַרף נאָר וויסען, ווי אַזוי צו פאַרוואַלטען מיט אָט דער מתנה. אַזעלכע ימים־טובים זיינען געווען דער אמתער אויסדרוק פון דעם גייסטיגען און מאָראַלישען מצב פון דער אַמאָליגער אידישער טאָכטער.

און היינט?

עס איז איבעריג אָנצואווייזען ווי געפאַלען מיר זיינען היינט לגבי אַמאָל. די איינציגע האָפענונג און גאַראַנטיע, אַז מיר וועלען צוריק דערגרייכען דעם הויכען ניוואָ פון דער אַמאָליגער אידישער טאָכטער איז און מוז זיין — „בנות אַגודת ישראל״, די יונגע אָרגאַניזאַציע פון די טרייגעבליבענע אידישע טעכטער. „בנות אגודת ישראל״ טראָגט דעריבער אויף זיך אַ היסטאָרישע ראָל, און דאַרף זי געוויסענהאַפט אויספיהרען, וועט עס געשעהן, וועלען מיר נאָך זוכה זיין צו פייערען די אַמאָליגע חמשה עשר באבס אין ארץ ישראל.

---

# אונזער ברכות אינסטיטוציע

מיר מוזען באַוואונדערען אונזערע חכמים, וועלכע האָבען פאַרשטאַנען איבערצופלאַנצען די יום־טוב קערנדלעך, די אַלע הייליגע געפיהלען פון ערנסט און שמחה, וואָס די שבתים און ימים טובים ברענגען אין אונז אַריין — אין דעם טאָג־טעגליכען לעבען, אַז זיי זאָלען אונז כסדר מעורר זיין צו קדושה און דין וחשבון.

פיל אַזעלכע קערענדלעך אַנטהאַלט אין זיך די אינסטיטוציע פון ברכות. דאָס איז דאָס בעסטע מיטעל פאַרן רייכען און אָרימען, מידען און אויסגערוהטען איבערצוטראָגען דעם געדאַנק פון די קרבנות און מזבח אין יעדען מאָמענט פון דעם טעגליכען לעבען.

האי מאן דבעי למהוי חסידא לקיים מילא דברכות — דער וואָס וויל זיין אַ חסיד, זאָל מקיים זיין אַלע ברכות — לערנען אונז די חכמים. דאָס ערשטע, וואָס מאַכט אַן אונטערשיד צווישען איד און נישט־איד איז די ברכה.

קורץ, זייער קורץ זיינען די ברכות געפאַסט, גאַנץ פשוט און לאַקאָניש אַזוי ווי דער אמת איז. זיי דאַרפען נאָר אַרויסזאָגען די דאַנקבאַרקייט, וואָס איז אָנגעזאַמעלט אין אונזער האַרץ.

אַזוי ווי אונזער געטליכער משורר, דוד המלך, האָט געהערט די געטליכע שטים אין יעדער קראַפט און שיינקייט „קול ד׳ בכח, קול ד׳ בהדר״, אַזוי זיינען פאַר אונז די ברכות דאָס קול פון די ערנסטע און שיינע נאַטור־דערשיינונגען, וועלכע דאַרפען אין אונזער האַרץ אויפוועקען די לויב־געפיהלען צו גאָט.

ווען די שרעקליכע קראַפט פון דער טבע לאָזט זיך הערען אין דעם דונער, אָדער אין ערד־ציטערניש פאַלט נישט דער איד ווי דער געצענדינער צו דער ערד, נאָר ער אָנערקענט עס אַלס כוח פון דעם איינציגען באַשעפער, און זאָגט מיט באַגייסטערונג: „שכוחו וגבורתו מלא עולם״.

אַז דער איד זעהט אַ בליץ שפּאַלטען דעם הימעל, און דערמאַנט זיך אין דעם ערשטען טאָג פון דער בריאה, בעת גאָט האָט געזאָגט „יהי אור״, אָדער ווען די זון ענדיגט איר קרייז־לויף און בלייבט צו יעדע 28 יאָהר שטיין אויף דעמזעלבען אָרט, ווי גאָט האָט זי אויפגעהאנגען צו ששת ימי בראשית — האַלט ער עס נישט פאַר עפּעס אַ נייע נאַטור־דערשיינונג, נאָר אַלס וויטערדיגע פּעולה פון השי״ת און זאָגט אַרויס מיט אָנערקענונג: „עושה מעשה בראשית״.

זעהט דער איד עפּעס שיינס, וואונדערליכעס אויף דער וועלט, רופט ער אויס אַן אַנטציקטער: „שככה לו בעולמו״.

קומט אים אַמאָל אויס צו באַטראַכטען עפּעס אויסטערלישע ברואים, ווי אַ קאַרליק, נעגער וכדומה, באַוואונדערט ער דאָס אַלס אומדערשעפּליכע פאַרשידענאַרטיגקייט פון די שאַפונגס־פאָרמען און זאָגט: „ברוך משנה הבריות״.

דער מענטש, וועלכער וועקט באַוואונדערונג מיט זיין הויכען גייסט און מוח אָנערקענט ער אַלס באַשאָנקענעם פון גאָט און באַגריסט אים מיט „שנתן מחכמתו לבשר ודם״, אָדער דעם מאַכטהאָבער און קעניג — מיט „שנתן מכבודו לבשר ודם״. די גרויסע פעהיגקייטען און מאַכט נעמט זיך נישט דער מענטש אַליין. ער מוז זיין פריער געבענטשט און אויסגעצייכענט פון גאָט אַליין.

און אַזוי איז מיט אַלע אַנדערע ברכות. אונזער פאָטער אין הימעל האָט אונז נישט בלויז מיט עסען באַזאָרגט, נאָר לאָזט אויך וואַקסען שיינע בלומען, כדי אונזערע אויגען צו דערפרייען. דעריבער ווען מיר זעען דאָס

ערשטע מאָל בליענדיגעביימער, מאַכען מיר אויף זיי די ברכה: „שלא חסר בעולמו דבר וברא בו בריות טובות ואילנות טובות ליהנות מהם בני אדם״.

דער רעגען־בויגען אויפן הימעל דערמאַנט אונז דעם אות־הברית פון גאָט, נישט מעניש צו זיין מער די מענטשען מיט אַ מבול, כאָטש זיי היטען נישט אָפּ די שבע מצוות פון די בני נח און איין ברכה איז: „זוכר הברית, ונאמן בבריתו וקים במאמרו״! נישט דער גאַנצער מענטשהייט טוט ער בלויז טובות, נאָר אויך יעדער איינציגער מענטש איז תמיד אונטער זיין השגחה. יעדע מינוט איז אַ געשאַנק פון אים.

און מיר זעען אויך מיט וואָסערע חכמה אונזערע חכמים האָבען מתקן געווען די ברכות: שהחיינו, הטוב והמטיב, דיין האמת, כדי אונז צו לערנען אַז דאָס גוטע ווי דאָס שלעכטע, איז פון אונזער דין האמת, און אַלץ וואָס ער טוט איז צו אונזער טובה.

נישט בלויז אין אויסגערגעוויינליכע מאָמענטען דאַרפען מיר השי״ת לויבען, נאָר יעדען טאָג טוען מיר אָנערקענען זיין הילף אין אַלע אונזערע מעשים. מיר באַטאָנען דאָס אין די ברכות, וואָס מיר זאָגען יעדען פריה־מאָרגען: זוקף כפופים, רוקע הארץ, הנותן ליעף כח, א. א. וו. אויך די געוויינליכע קערפּערליכע מעשים זיינען באַגלייט מיט אַ ברכה, ווען מיר שטילען דעם הונגער, דורשט, פיזיאָלאָגישען געברויך. אין יעדען זעען מיר די מאַכט און ליבע פון באַשעפער.

אין דער ברכות־אינסטיטוציע האָבען אונז די חז״ל אַממייסטען געוואָלט אָנווייזען אויפן „מלך העולם״. מיר האָבען אַ קעניג, וואָס אויף זיין באַפעהל געשעהט אַלץ, אָן אים ווערט די קלענסטע זאַך נישט געטאָן און יעדער איז מחויב זיין חוב ממלא צו זיין מיט אַלע כוחות, וואָס ער באַזיצט.

עולם, הייסט וועלט, די וועלט, וואָס מיר זעען אַרום זיך, דעם הימעל און ערד מיט זייער גאַנצער פּראַכט. עולם איז אָבער אויך דער טייטש: אייביגקייט. מיר דאַרפען שטרעבען ,אַז דער וועלט־גלאַנץ זאָל נישט ווערען פאַר אונז „אַלץ״, און מען זאָל חלילה אין אייביגען עתיד נישט פאַרגעסען. דאָס וואָרט עולם—אייביג דערמאַנט אונז תמיד אָן דעם.

כדי אָבער דער מענטש זאָל נישט צופיל גרינגשעצען די איצטיגע וועלט דערמאַנט אונז ווידער דאָס וואָרט „עולם״, אַז אַזוי ווי יעדער טראָפּען איז אַ טייל פון ים, און ווען ער וואָלט נישט געווען — וואָלט קיין ים אויך נישט געווען, אַזוי קאָנען מיר אויך אָן דער וועלט נישט דערגרייכען צו־

יענער אייביגער וועלט. דעריבער איז יעדע מינוט צייט אַן אומפּאַרלוירענער טייל פון דער אייביגקייט. צי דאַרפען מיר אייביגקייט ערשט אויף יענער וועלט צו זוכען? צי הויבט זי זיך נישט אָן שוין דאָ?

דער מלך העולם איז: אלקינו — אונזער גאָט.

בחינם זיינען אַלע לויב־לידער, מיט וועלכע מען באַזינגט גאָטס הער־ליכקייט אין דער נאַטור. בחינם ווען מען אָנערקענט זיין אַלמאַכט, גרויסקייט, חכמה ,גערעכטיגקייט, גוטסקייט און אַלע באַשעפענישען — אַלס זיינע דינער, קוים זעהט מען נישט, אַז דער איד דאַרף שטיין אויף אַ באַזונדערען פּאָסטען, וואָס מען האָט אים צוגעטיילט אַלס איד און מענטש. דאָס דערמאָנט אונז דעם אלוקינו, אונזער גאָט. מלך, צי מלך העולם, אפילו גאָר אלוקי קאָן דאָס נישט אויסדריקען.

ד׳ (השם) — ער איז דער גרויסער, וועלכען אונזערע חושים קענען נישט באַגרייפען. ער איז דער, וואָס גיט אַריין אין יעדען באַשעפעניש דעם כוח אייביג צו עקזיסטירען, און צו אים געהערען תמיד, אין יעדער מינוט פון לעבען, מיט יעדען פרישען אָטעם־צוג, נישט נאָר מיט דער פאַרגאַנגענהייט נאָר אויך מיטן עתיד.

ער איז אָבער נישט בלויז דער נעלם, דער פאַרהוילענער „הוא״, פון וועלכען מען קען נאָר קלערען און ריידען, און קיין צוטריט נישט האָבען. ניין! דער מענטש, וועלכער דערזעהט אים אין דער טבע אומעטום, אין יעדער קראַפט, הנאה טובה — צו אים איז ער נאָענט, קוקט תמיד אויף אים, רעדט צו אים: אתה — דו. דאָס וואָרט ווייזט אָמבעסטען דעם אונטערשייד צווישען אונז לגבי אַנדערע פעלקער אין דער באַציאונג צו גאָט.

אַלע אַנדערע מענטשען בעטען צו זייערע געטער און זאָגען זיי: בענטשט, בענטש מיר!״ סיי דער ווילדער צו זיין געץ, סיי דער געבילדעטער צו זיין גאָט, ווייזען אַרויס מיט דעם דאָזיגען וואָרט זייער אָפּהענגיקייט, שוואַכקייט. אַנדערש איז עס אָבער ביים איד. ער זאָגט נישט „בענטש מיר״! ער, דער איד, זעהט זיך שוין געבענטשט דורך אַלעם, וואָס ער האָט אין דער נאַטור, די גייסטיגע און קערפּערליכע טובות, פרייד און לייד. דעריבער איז נישט די ברכה א קבלה נאָר אַ נדבה. נישט „ברך״ (בענטש מיך) הייסט דאָס וואָרט, וועלכעס דערנענטערט אונז צו גאָט, נאָר „ברוך אתה״, דו זאָלסט זיין געבענטשט. פון דעם וואָרט ברוך, האָבען אונזערע גרויסע אַנשי כנסת הגדולה אַ נאָמען געגעבען די אינסטיטוציע „ברכות״.

בענטשען יענעם, הייסט אים ווינשען, אַז אַלע זיינע בקשות זאָלען מקוים ווערען. און דאָס פאַרלאַנגט דאָך טאַקע פון אונז גאָט!

ברוך אתה ד׳! — איז דער אידישער מלחמה־רוף פון אונזער לעבענס־קאמף. ביי יעדער ברכה דאַרפען מיר צו טראַכטען צו ווערען געבענטשט מיט אַ רצון אַלע אונזערע חובות לגבי גאָט ממלא צו זיין, און דעמאָלט וועלען מיר זיך פיהלען צופרידען און גליקליך!

# אידיש פרויען-לעבען

## די הייליגע פליכטען פון דער אידישער פרוי

**אין** דער משנה געפינען מיר: רבי אליעזר בן חסמא אומר: „קנין ופתחי נדה, הן הן גופי הלכות. תקופות וגמטריאות פרפראות לחכמה" — ר׳ אליעזר זאָגט, אַז די פאַרשריפטען וועגען דעם ריינקייט־געזעץ פון די פרויען זיינען די הויפט־הלכות. דאַגעגען אַסטראָנאָמיע און געאָמעטריע זיינען בלויז אַ „צושפייז צו דער חכמה".

דער זעלבער תנא ר׳ אליעזר איז געווען איינער פון די גרעסטע אַסטראָנאָמען אין זיין צייט. עס ווערט געבראַכט אין דער גמרא, אַז ר׳ גמליאל און ר׳ יהושע האָבען אַמאָל געמאַכט אַ רייזע אויפן ים. האָט ר׳ גמליאל׳ן אויסגעפעהלט שפייז און ער האָט זיך געמוזט העלפען מיט זיין חבר׳ס פראָוויאַנט. דערביי האָט ער אים געפרעגט: „פונוואַנען האָסטו געוואוסט ווי לאַנג אונזער רייזע וועט דויערען, אַז דו האָסט מיט דיר מיטגענומען אַזאַ גרויסען זאַפּאַס? דערויף האָט אים ר׳ יהושע געענטפערט: „מיין צייט־רעכענונג האָט זיך געשטיצט אויף דער קאָסמישער דערשיינונג, וואָס יעדע זיבעציג יאָר באַווייזט זיך אויפן הימעל אַ שטערען, וועלכער מאַכט בלאָנדזשען די שיף־רייזענדע, און דער שטערען האָט אויך געדאַרפט איצט דערשיינען". פאַרוואונדערט פון זיין חבר׳ס וויסענשאַפטליכער ערודיציע האָט דער נשיא רבן גמליאל אויסגערופען: „מיין וויסען איז גאָרנישט לגבי די אַסטראָנאָמישע ידיעות פון רבי אליעזר בן חסמא!"

ווי מיר זעען איז דער דאָזיגער תנא געווען גערעכענט אַלס אויטאָריטעטע פּערזענליכקייט אויפן וויסענשאַפטליכען געביט אין זיין צייט. אינטערעסאַנט איז דעריבער זיין פּאַראַלעל צווישען די וועלטליכע וויסענשאַפטען און אונזער תורה שבעל־פה.

געאָמעטריע ווי מאַטעמאַטיק געהערען צו די גרעסטע וויסענשאַפטען מיט זייער פעסטען באַזיס אויפן ריינעם אמת. מיר ווייסען למשל, אַז 2 און 2 איז

— 4, אָדער אַז דער אויבערפלאַך פון אַ קוואַדראַט ווערט סטאַביליזירט לויט דער מאָס פון איין זייט געגען דער אַנדערער. וועגען דעם קען נישט זיין קיין צווייטע מיינונג.

אַלע אַנדערע דאַגעגען, די אַזוי גערופענע הויכע וויסענשאַפטען, ווי פיזיק, מעדיצין און אפילו יורי שטיצען זיך הויפּטזעכליך אויף השערות. דאָס זעען מיר כסדר אין לעבען, ווי איין פילאָזאָף ווידמעט זיין גאַנץ לעבען דער וויסענשאַפט און שטעלט אויף אַ גאַנצע געביידע, קומט שפּעטער אַ צווייטער פילאָזאָף און מאַכט זיין אַרבעט צונישט, דערקלערענדיג דאָס אַלטע אַלס פאַלשע אָפּגעלעבטע באַגריפען.

אַ גאַנץ אַנדער באַדייט האָט די מאַטעמאַטיק און געאָמעטריע פאַר דער מענטשהייט. זיי געהערען ביי דער גאַנצער ציוויליזאַציע און וועלט־קולטור צו די יסודות פון יעדער בילדונג. אָן איר וואָלט אוממעגליך געווען זיך פאָרצושטעלען אַ וועלכען עס איז האַנדעל און ווירטשאַפט, אָדער קונסט און וויסשענשאַפט. דער אַקער־בוי וואָלט אָן געאָמעטריע געווען אַן אַבסטראַקטער באַגריף. די אַסטראָנאָמיע, כאָטש זי איז נישט געבויט אויף אַזאַ פעסטען יסוד ווי די מאַטעמאַטיק, ווערט דאָך ביזן היינטיגען טאָג באַטראַכט אַלס די עלטסטע און הערליכסטע וויסענשאַפט, וואָס באַוועגט דעם מענטשען־גייסט צו שטוינונג און פאַרוואונדערונג פאַרן גרויסען וועלט־באַשעפער.

און אָט די צוויי וויכטיגסטע וועלט־וויסענשאַפטען ווערען דורך רבי אליעזר בן חסמא אָנגערופען: „צושפּייז צו חכמה״!

די אויבען־דערמאָנטע משנה פון „קנין ופתחי נדה״ געהערט אגב צו די שווערסטע שטעלען פון גאַנצען תלמוד (גופי הלכות). די מסכת „קנין״ באַהאַנדעלט דאָס פּראָבלעם פון קרבנות, וואָס די קימפּעטאָרינס אָדער אַנדערע אומריינע נפשות זיינען מחויב צו ברענגען נאָכן געזונט ווערען. דערביי בילדעט דער שטריך „פּתחי נדה״ אַ טייל פון די פאָרשריפטען איבער פרויען־ריינקייט.

ווי עס איז אונז, אידישע פרויען, באַוואוסט, איז אונזער פליכט־דערפילונג אין די דויערענדע זיבען רייניקונגס־טעג פאַרבונדען מיט פאַרשידענע מינוטען־באַשטימונגען. ווי קליינליך זעען אויס אָט די דאָזיגע מינוטען־פאָרשריפטען ביי דער היינטיגער כלומר׳שטער אינטעליגענטער פרוי, לגבי אַסטראָנאָמיע און געאָמעטריע? . . .

לאָמיר פרואווען אַוועקשטעלען די מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע, אויף וועלכע עס איז געבויט אַ גאַנצע וועלט, אַקעגען עפּעס פאָרשריפטען פון

קנין — אַ טויבען־נעסט, וואו עס פליען טויבען אַהין און צוריק, — לגבי מינוטען־באַשטימונגען פון פרויען־רייניגונג, ווען דען נישט איין פרוי הויך לאַכען פון אַזאַ פאַרגלייך?

מיר דאַרפען אָבער נעמען אין אַכט, אַז אַזאַ פאַרגלייך איז נישט געמאַכט געוואָרען דורך אַן איינזייטיגען געבילדעטען מאַן, נאָר דווקא פון איינעם פון די גרעסטע מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָמען אין זיין צייט, וועלכער איז צוגלייך אויך געווען דער גרויסער אַלזייטיגער תלמוד־קענער. אַז דער דאָזיגער געלערענטער מאַן האָט פאַרשטאַנען די „קנין" און „פתחי נדה" צו אנערקענען אַלס די וויכטיגסטע אין דעם ריזיגען תלמוד — איז דאָס זיכער נישט געשעהן אָן אַ וועלכער עס איז טיפערער מיינונג.

שוין זיין אויסדרוק פון דואַליזם (טאָפּעלטקייט) אין דער משנה איז אַ באַוויז, אַז מיר דאַרפען די דינים אַלזייטיג לערנען, לויט זיין מיינונג זיינען זיי דאָך די הויפּט־דינים (גופי־הלכות).

דאָס כאַראַקטעריסטישע דערביי איז אָבער די גרינגשעצונג מיט וועלכער דער תנא באַציהט זיך צו די צוויי וויסענשאַפטען: אַסטראָנאָמיע און געאָמעטריע, וועלכע האָבען אים אַזוי באַריהמט געמאַכט.

און ער פיהרט אויס:

„תקופות וגמטריאות פרפראות לחכמה".

אַסטראָנאָמיע און געאָמעטריע זיינען נאָר אַ צושפּייז צו דער חכמה...

---

# אונזער צניעות־קולטור

דאָס ערשטע ביים איד איז יראת השם. דאָס דאַרף זיין די שטענדיגע באַשעפטיגונג זיינע. דער מענטש קאָן נישט זיין פוסט און תמיד זינקען אין דער דאָזיגער פוסטקייט.

דאָס גרינטליכע באַקענען זיך מיט דער לעהרע, וואָס פיהרט דעם מענטש צו יראת שמים, לערנען אונז די מוסר־ספרים.

צוליב דעם, וואָס דאָס אידישקייט און פרומקייט איז זייער שוואַך צווישען די פרויען־רייען דאַרפען דעם ערשטען אָרט אין דער בנות־אַרבעט פאַרנעמען די אידישע דינים און ספרי מוסר.

עס זיינען פאַראַן שטופען, מדרגות. דער „מסלת ישרים״ לערענט דעם מענטשען ווי אַזוי צוצוקומען צו אידישקייט.

ווען די אויספירונג פון די אידישע פליכטען וועלען פאַרבעסערט ווערען, וועלען אויך אונזערע געמיטער בעסער זיין.

דאָס וועט אויך דערפירען, אַז יעדע אידישע טאָכטער זאָל פאַרשטיין דאָס שעדליכקייט, מיאוסקייט פון דער פאַרשייטער מאָדע.

יעדע אידישע טאָכטער מוז זיך טאַקע אָפּגעבען אַ קלאָרען דין וחשבון, וועט זי אַליין קומען צו דער איבערצייגונג, אַז לוקסוס פירט דער אידישער טאָכטער אַראָפּ פון דרך־הישר און פירט זי אויף פרעמדע, פאַרקרומטע און פאַלשע דרכים.

דער קאַמף געגען דער אויסגעלאַסענער קליידונג איז די קולטור פון צניעות! צוליב דער צניעות פון די אידישע פרויען זיינען אידען אויס־געלייזט געוואָרען פון גלות. אידישע פרויען קאָנען און מוזען זיך האַלטען ביי דער צניעות־קולטור.

צוליב דעם נאָכגיין דער מאָדע זיינען די אידישע פרויען געוואָרען אירע קרבנות!

צניעות איז תמיד געוועזן דער אידישער כבוד און שטאָלץ. מיר מוזען דעריבער ווייטער דערהאַלטען דעם דאָזיגען כבוד און שטאָלץ!

איך זאָג נישט, אַז אויב למשל עס וועט זיין אַ מאָדע צו טראָגען קליידער מיט „קלאשען״ — זאָל מען זיך אַנדערש קליידען, אָדער פאַרקעהרט. ניין! דאָס וואָס עס איז נאָר נישט געגען דין און אידישקייט מעג מען!

די פרויען זיינען לעצטענס געוואָרען שקלאַפען צו דער מאָדע און מיר מוזען זעהן פון דער דאָזיגער פאַרשקלאַפונג זיי צו באַפרייען!

די דאָזיגע אַרבעט מוז גיין סיסטעמאַטיש: צוערשט ביי די בית־יעקב לערערינס, דערנאָך ביי די בית־יעקב־שילערינס און שפּעטער ביי די בנות־מיטגלידערינס.

מען מוז אַרבייטען פאַר דעם דאָזיגען געדאַנק פּלאַנמעסיג, בהדרגה. צניעות מוז זיין פון די ערשטע און וויכטיגסטע פונקטען ביי בנות אגודת ישראל. דאָס טאָר אָבער נישט פון קיינעם באַטראַכט ווערען אַלס קרבן פאַרן אידעאַל, נאָר אַלס הייליגער, אינערליכער חוב. אונזערע לערערינס דאַרפען די ערשטע אויף דעם דאָזיגען געביט דינען אַלס מוסטער פאַר דער גאַנצער באַוועגונג.

מיר, וואָס ווילען בויען דעם אידישען עתיד אויף אונזערע גייסטיגע

יסודות, מוזען געדענקען, אַז די שפייז פון דער אידישער נשמה איז די תורה. עס איז נישט גענוג דאָס בלויזע צוריקהאַלטען זיך פון חילול שבת, נאָר עס מוז אויך כסדר פאַרשטאַרקט ווערען דער געדאַנק פון שמירת שבת, פונקט ווי נחשון בן עמינדב איז דער ערשטער אַריינגעשפרונגען אין ים אַריין, אַזוי מוזען מיר היינט ווערען די ערשטע וואָס באַפרייען זיך פון שעדליכען צייט־גייסט.

עס וועט קומען אַ צייט, ווען די אידישע געשיכטע וועט זיך ברייט אָפּשטעלען וועגען אונזער בנות־באַוועגונג. מיר מוזען דעריבער זעהן אונזערע פליכטען צו טאָן, און זיך קלאַמערען פעסט אָן די תורה־פאַרשריפטען.

אויב איהר מיינט באמת צו זיין „בנות אגודת ישראל״ מוזט איהר פאַרשטיין צו פאַרווירקליכען אונזערע אידעאַלען בלב שלם.

„בנות אגודת ישראל״, וועלכע וויל דערציען אמת־אידישע טעכטער, מוז אויפנעמען אַ קאַמף געגען דער אויסגעלאַסענער מאָדע און שאַפען אַן אייגענע, פרימיטיווע הלבשה, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו דער אידישער עסטעטיק און עטיק. מיר דאַרפען זיך נישט שעהמען מיט דער תורה און די אידישע הייליגקייטען. אדרבא, מיר דאַרפען דערמיט שטאָלצירען פאַר דער גאַנצער וועלט. איך וועל זיך פיהלען גליקליך, אַז דאָס וועט פאַר־ווירקליכט ווערען אין לעבען, און איך האָף, אַז פונקט ווי אַמאָל איז די אידישע גאולה געקומען דורך נשים צדקניות, אַזוי וועט אויך דאָס צוויילען אונזער היינטיגער גאולה.

# די אידישע פרוי און דאָס כשרות

ואנשי קודש תהיו לי ובשר בשדה טרפה לא תאכלו.
(שמות כ״ב)

...כי אני ד׳ אלוקיכם והתקדשתם והייתם קדושים כי קדוש אני.
(ויקרא י״א)

עס שטייט נישט „אנשים קדושים״ נאָר „אנשי קודש״ — מענטשען וואָס זיינען פאַרפליכטעט צו זייער הייליגען באַרוף. נישט בלויז הייליג איז דער יעניגער, וואָס קערט זיך אָפּ מיט עקעל פון טריפה׳נע מאכלים, נאָר ער קאָן פיל לייכטער דערגרייכען צו גייסטיג־זיטליכער הויכקייט, צו וועלכער מיר אַלע צילען. אָן כשרות איז עס אוממעגליך צו דערגרייכען.

דאָס ערשטע נאַרונגס־געזעץ פון דער סיני־קאָנסטיטוציע לערענט אונז, אַז נישט ריכטיג איז די באַהויפּטונג, אַז די שפּייז־געזעצען געהערען אויס־שליסלעך צו דער דיעטע פון קערפּערליכען גענוס און געזונט, נאָר דאָס האָט אַ שטאַרק שייכות מיט אונזער גייסטיגער קדושה און ריינקייט. מיר מוזען זיך תמיד געפינען אין דער לאַגע פּאָזיטיוו אויפצונעמען אַלע געזעט־ליכע געזעצען, ווי מיר זעען עס געניו אָנגעמערקט אין אַלע איבעריגע שטעלען פון דער תורה (שמיני — הירש).

עס איז דעריבער פאַרשטענדליך, אַז דער איבערשטער, וואָס איז דער באַשעפער פון דער הייליגער נשמה און קערפּער קען אַמבעסטען אָפּשאַצן די השפעה פון די מאכלים אויף דער טעטיגקייט פון דער נשמה.

אַן אינטערעסאַנטע מעשה ווערט געבראַכט אין ספר „דגל מחנה אפרים״ בנוגע דעם ענין פון מאכלות אסורות.

אויף דעם פסוק „ומלתם את ערלת לבבכם וערפכם לא תקשו עוד״, דערציילט ער, וואָס ער האָט געהערט פון זיין זיידען, דעם גרויסען בעל־שם־טוב הקדוש ז״ל:

„נאָך אין די צייטען פון רמב״ם ז״ל האָבען אַ סעקטע מענער, גרויסע פילאָזאָפען, זייער פאַרדאָרבענע מיט דעות כוזבות, געשריבען צום רמב״ם אַ בריוו מיט דער בקשה, אַז ער זאָל בפירוש אויפווייזען, פונוואַנען עס איז געדרונגען תחית המתים פון דער תורה, ווייל אַלע שטעלען אין דער גמרא און אין די מדרשים זיינען נישט מפורש אין דער תורה.

דערויף האָט דער רמב״ם, נישט וועלענדיג זיך מטפל זיין מיט די לעצטע, באַאויפטראַגט זיין תלמיד ר׳ שמעיה אבן תבון אין זיין נאָמען צו ענטפערען פאָלגענדעס:

„ — הנה, זייט וויסען, אַז דאָס חיות פון מענטש קומט דורך אכילה ושתיה. פון די פאַרשידענע מאכלים צירקולירט דאָס בלוט אין אַלע איברים פון מענטש. פון בעסטען חלק בלוט אַנטשטייט דאָס חיות אין האַרץ און אין מוח. דעריבער, ווען מען עסט די דאָזיגע מאכלים, וועלכע זיינען כשר על־פי התורה, דעמאָלט איז דאָס בלוט און חיות ריין אידיש; דאדורך ווערט דער שכל מער עמפפינדליכער פאַר אײדעלער מאַטעריע, ווי אמונת אלקית. אפילו אַזעלכעס, וואָס שטייט העכער פון דעם שכל, ווערט איבער־געגעבען צו געדאַנקען־רייכע אויספיהרונגען פון אונזערע חז״ל, וועלכע האָבען אַלץ בקבלה, איש מפי איש עד הלכה למשה מסיני, זייענדיג צוגלייך אָנ־געקניפּט אין דער תורה הקדושה וחכמיה, באַנוצענדיג זיך אָבער מיט מאכלות אסורות ווערט דערפון געבילדעט אומריין בלוט, פונוואַנען עס קומען די שעדליכע פאָלגען פאַרן חיות פון דעם האַרץ, וואָס צוזאַמען דערמיט ווערט אויך דער מוח אָפגעטעמפּט מיט די שלעכטע דעות־כוזבות און קען זיך דעריבער נישט פונאַנדערקלויבען איבער זאַכען, וואָס שטייען למעלה מן השכל. דעריבער קענען זיי מער אויך נישט האַרמאָנירען די גלויבענס־געגאָסענקייט אין איינקלאַנג מיט זייערע מיט־ברידער.

„ — און ווען איהר שטעלט די דאָזיגע שאלה, בעת די חכמים ווערען דורך אייך געשטעמפּעלט אַלס נישט־מאַסגעבענדע און דעצידירענדע פאַקטאָרען זענט איהר מסתמא אָנגעשטעקט מיט די באַצילען פון מאכלות אסורות, און קיין שום דבר של קדושה קען אייך מעהר נישט באַאיינפלוסען. עס איז צו האָפען, אַז אייער סוף וועט נישט זיין קיין גוטער״.

„און ווירקליך זיינען די דאָזיגע פילאָזאָפען אין אַ קורצער צייט פאַר־לוירען געגאַנגען״ — דערמיט האָט דער בעל־שם־טוב פאַרענדיגט זיין דער־ציילונג.

און ערשט איצט קומט דער „דגל מחנה אפרים״ און דערקלערט די באַדייטונג פון דעם פסוק „ומלתם את ערלת לבבכם״, — איהר מוזט פאַר־ניכטען די טעמפּקייט פון אייער האַרץ, אַזוי אַז אייער האַרץ זאָל דורך די כשר׳ע מאכלים געלייטערט ווערען, און דאדורך וועט ממילא פאַרווירקליכט ווערען דער „וערפכם לא תקשו עוד״. איהר וועט דעמאָלט פאַרשטיין אָפּ־

צושאַצען די ריכטיגקייט פון באַקעמפען אַלע שווערינקייטען, וואָס שטייען איך אין וועג ביים אויספיהרען די מצוות התורה.

אָט די אינטערעסאַנטע און כאַראַקטעריסטישע געשיכטע ווייזט אונז אָמ־בעסטען, וואָס פאַר אַ ווירקונג די מאכלים האָבען אויפן גייסט.

* * *

פון מיינע פערזענליכע באָאָבאַכטונגען קאָן איך אויך קאָנסטאַנטירען די אויבען־דערמאָנטע איבערצייגונג. בשעת די וועלט־מלחמה האָב איך באַ־מערקט אַ געוואַלדיקען איבערברוך אין די פאַרהעלטענישען פון מאַנכע אידישע הייזער. אַנאַליזירענדיג די דאָזיגע סיבות בין איך געקומען צו דער איבער־צייגונג, אַז צו דעם האָט האָט גורם געווען דער גרויסער עקאָנאָמישער קריזיס, צוליב וועלכען מען האָט זיך דערלויבט צו נוצען קריסטליכע פוטער און מילך, וואָס איז נישט געשטאַנען אונטער אַ געהעריגער אידישער השגחה וכדומה. דאָס אַלץ האָב איך בולט אַרויסגעלעזען פון דעם אויסערליכען אַנטי־מאָראַלישען אויסזעהן פון עטליכע מיינע באַקאַנטע.

די דאָזיגע פאַרהעלטענישען האָבען זיך, אמת, ביי אונז אין גאַליציע באַלד אויסקריסטאַליזירט, זיי זיינען אָבער, ליידער, געבליבען אין אַ סך ערטער ווי אַן אָנשטעקענדיגע מחלה עד היום.

די וועלט־מלחמה האָט קוים נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ זכר, און מיט דער גרעסטער פאַרוואונדערונג קומט מיר אויס, זייענדיג אין פוילען, צו אָב־סערווירען די נאַטירליכע טאָג־טעגליכע דערשיינונג, וואָס כמעט אין יעדען אידישען הויז דערלויבט מען זיך צו נוצען קריסטליכע פוטער, פאַרענט־פערענדיג זיך דערמיט ,וואָס ס'איז שווער צו באַקומען אידישע.

אפילו מיר זאָלען נאָכקומען די הנחה, אַז פוטער מוז אויסגעאַרבעט ווערען נאָר דורך קי־מילך, איז דאָך אָבער אוממאָראַליש, איבערהויפט פאַר קינדער, די איבערצייגונג, אַז מילך איז נאָר אַזוי שטרענג פאַרבאָטען, בעת גוי'אישע פוטער איז כשר, דערצו נאָך. ווען עס איז פאַראַן אַ וואַרשיינליכקייט, אַז מען קאָן פוטער מיט מאַרגאַרין אויך מאַכען.

איז נישט קיין וואונדער, וואָס די אידישע מצוות ווערען אַזוי שוואַך אָפגעהיטען. עס וואָלט געקאָנט אויך זיין אַ פרנסה־צווייג פאַר פיל אידישע משפחות און דערצו מיטגעהאָלפען צו דערהויבען דאָס אידישע פאַמיליע־לעבען אויף אַן ענטשפרעכענדען ניוואָ אין אַלע הינזיכטען פון עטישען באַ־שטאַנד.

הגם דער דאָזיגער ענין געהערט צו די מער קאָמפּעטענטע און אויטאָריי־טאַטיווע קרייזען, קאָן איך אָבער נישט פאַרבייגיין גלייכגילטיק איבער אַזאַ דערשיינונג, וועלכע איז אַ סתירה בנוגע דער ערשט־ראַנגיקער מצווה פון דער תורה.

אויב מיר ריידען שוין וועגן כשרות אין דער אידישער ווירטשאַפט, לאָמיר אויך באַהאַנדלען אַנדערע פאַרנאַכלעסיגטע ענינים. בעת אין דייטש־לאַנד וועט זיך קיין שום רעליגיעזער איד נישט דערלויבען צו עסען שאָ־קאָלאַד אָדער טיי־קיכלעך וכדומה אָן אַ הכשר, איז עס ביי אונז אַ זעלבסט־פאַרשטענדליכקייט. מיר קאָנען העכסטענס באַמערקען אינדיווידועלע פאַלען, וואָס חסידים אַליין עסען נישט, דערפאַר באַרעכטיגען זיי — מעג זיין אומ־דירעקט — זייערע פרויען און קינדער צו עסען קריסטליכע שאָקאָלאַד און „הערבאַטניקעס”. אַ קריסטליכער צוקער־מייסטער האָט מיר אַליין דער־קלערט און פעסטגעשטעלט, אַז אין דער שאָקאָלאַד אויסאַרבייטונג ווערט באַ־נוצט אפילו חזיר־שמאַלץ, און אַזוי אויך בנוגע הערבאַטניקעס באַנוצט מען דעם מוח פון חזיר, כדי עס זאָל ווערען מירביג. עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער ווען אַ פרוי אָדער קינד, וואָס שפּייזען זיך תמיד מיט אַזעלכע מאכלות אסורות קאָנען שפּעטער קיין פולקאָם אידיש לעבען נישט פירען.

מיר באַמערקען גלייכצייטיג, אַז אַ סך אידען דערלויבען זיך צו טרינקען טיי אויף די באַן־סטאַנציעס, מאָטיווירענדיג דערמיט, וואָס ביי אַזאַ צושטאַנד קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן טריפות, העכסטענס קאָן מען נישט נוצען די ציטרין און דאָס לעפעלע, זאָל דאָ אגב פאַרצייכענט ווערען דער פאַקט, וואָס מען האָט מיר אַמאָל פאַראַכטעט מיט קינדישער נאַאיוויטעט, בעת איך בין אַ גאַנצע נאַכט געזעסען אויף אַ באַן־סטאַנציע און נישט געוואָלט טרינקען קיין גלאָז טיי.

און איינמאָל איז מיר פּאַראַלעל אויסגעקומען ביי אַזאַ פאַל צו דערפאַרען אָט וואָס: איך האָב באַמערקט ווי דער בופעט־אייגענטימער האָט אין טיי־קעסעל אַריינגעלאָזט עטליכע וואורשטלעך זיי אויסצובריען, דערנאָך דאָס וואַסער אויסגעגאָסען, דעם קעסעל אויסגערייניגט און ווידער פרישע טיי גע־מאַכט. און אָט צוליב דעם, נישט וועלענדיג טרינקען פון אַזאַ מין טיי אויף אַ באַן־סטאַנציע האָט מען מיך אויסגעלאַכט און פאַראורטיילט אין פאַנאַטיזם...

און ווי האַלט עס עפּעס מיט אונזערע קיכען? אָט דאָס הייליגטום, וואָס איז אויסשליסליך איבערגעגעבען געוואָרען צו אונזער דיספּאָזיציע — וויפיל מאָל איז מיר אויסגעקומען צו שטוינען איבער דער לייכטזיניגער האַלטונג

מיט דעם, וואָס מען פאַרטרויט זי אַ קריסטין ? די קיך, וועלכע האָט געדאַרפט זיין אָפּגעהיטען דורך דער אידישער פרוי ווי איר שוואַרץ־אַפּעל פון אויג, נישט פאַרלאָזען זיך אפילו אויף דעם אידישען משרת, שוין נישט רעדענדיג דערפון וואָס ביי די קלענסטע נישט־פּינקטליכקייט האָט דער רב געדאַרפט וועגען איר דעצידירען — אָט אָ די קיך גליטשט זיך אויך אַרויס פון אידישע הענט און גייט איבער אין פרעמדע.

שוין אפילו אויף אַ אידיש משרת טאָר מען זיך אין גאַנצען נישט פאַרלאָזען כל־זמן עס זיינען נישט פאַראַן גענוגענדע סימנים וועגען איר ראַציאָנעלער שטעלונג אינם ענין כשרות.

מאַנכע פרויען באַהויפּטען, אַז זיי ברויכען נישט צו קאָנען די ווירט־שאַפטליכע אָרדענונג אין שטוב, בעת זיי האָבען אַ אידיש משרת. עס איז, דאַכט זיך, איבעריג צו באַווייזען די שעדליכע פאָלגען אין יענע הייזער, וואָס די ווירטשאַפט ווערט געפירט דורך דעם משרת. די פרוי איז נאַטירלעך נישט באַהאַוועגט אין די נאַרונגס־פּרייזען און ליידט פיל מאַטעריעלע הזיקות. צי דאַרף דער סוחר, וואָס האָט צו זיין דיספּאָזיציע עטליכע טיכטיגע אנ־געשטעלטע נישט באַזיצען קיין שום געשעפטס־קענטענישען ? שיין קוקט אויס אַזאַ געשעפט !

צי קאָנען מיר זיך פלעגמאַטיש צוקוקען צו אַ ווירטשאַפט אין שטוב, וואָס ווערט געפירט דורך אַ פרעמדער פּערזאָן, וואו אַ חוץ מאַטעריעלע הזיקות, הערשט אויך אַ לייכטזיניגע כשרות־אָרדענונג ? צי קאָן מען זיך דערלויבען צו עסען ביי אַ פרוי, וואָס איז גאָרנישט באַהאַוועגט אין דער אידישער ווירטשאַפט, כאָטש דאָרט איז פאַראַן אַ אידיש משרת ?

אַ באַקאַנטע פרוי דערציילט מיר אַזאַ פאַקט : זי האָט געטראָפען אַ אידישען משרת טראָגען אַ געפליגעל: „וואָס טראָגט איהר דאָ?” — האָט זי איר געפרעגט. „אַ גוטע און ביליגע גאַנדז” — האָט דאָס משרת פריילין אויסגערופען. די פרוי האָט באַטראַכט די גאַנדז און מיט שטוינונג גע־פרעגט : „צי ווייסט איהר אַז די דאָזיגע גאַנדז איז טריפה ?” פאַרוואונדערט איז דאָס משרת געבליבען שטיין און נישט געקאָנט בשום אופן פאַרשטיין די ווערטער. און פונוואַנען זאָל טאַקע אַ אידיש משרת וויסען אַ חילוק צווישען כשר און טריפה, ווען די מאַדאַם וואָס זיצט אין סאַלאָן ביים שפּיגעל, אָדער פאַרטראַכט איבערן בוך — פאַרלאָזט זיך אין גאַנצען אויף איר ?

ליבע שוועסטער ! ווען איהר וואָלט נאָר געעפענט דאָס אידישע געשיכטע־בוך, וואָלט איהר אייך באַלד געמוזט אַליין פרעגען : וואָס איז פון אונז,

קינדער פון דעם פאָלק ישראל, געוואָרען? און איהר וואָלט אייך געהאַט אויף וואָס צו וואונדערען. וואָס איז דער גרויסער פאָלקס־כוח פון אידישען שטאַם, וואָס דערהאַלט אים אפילו ביי די שרעקליכסטע שטורעם־ווינטען?

זאָל עס זיין דאָס עשירות, וואָס העלפט אונז אין אַלע סכנות? ניין! אונזער פאַרמעגען איז אָפט געוועזען די סיבה פון אונזערע רדיפות, וואָס די פעלקער האָבען באַהאַלטען אונטער דעם מאַנטעל פון „רעליגיע".

צו האָבען אונז געהאָלפען אונזערע סימפאַטיעס פאַר פרעמדע פעלקער, זיכער נישט. עס איז געוועזען פונקט להיפוך: די דאָזיגע ליבע־געפיהלען האָבען אונז נאָך אַ גרעסערע דערנידעריגונג געבראַכט.

דער גרויסער סוד פון אידישען פאָלקס־קיום איז דאָס אמתע קלאַמערען זיך אין די געטליכע פליכטען, ווייל זיי האָבען די ווערטער „אנשי קודש תהיו לי" פאַר אַ וועג־ווייזער געמאַכט. פאַר די דאָזיגע ווערטער זיינען זיי געגאַנגען אויף די שייטער־הויפענס און זיך געלאָזט פאַרברענען אין פלאַם־פייער פאַר דער הייליגער אמונה. קאָנען מיר, אייניקלעך פון יענע קדושים, אַזוי קאַלט־בלוטיג זיך צוקוקען ווי פון טאָג צו טאָג ווערט דער גרונט־געדאַנק פון „אנשי קודש" — דאָס כשרות — אַזוי גרויזאַם פאַרלעצט?

מיר אַפּעלירען צו אייך, שוועסטער, אידישע פרויען און טעכטער: צוריק צו אידישקייט! איהר מוזט דאָס גרויסע פאַרטרויען, וואָס השי"ת האָט אייך מיט דעם כשרות איבערגעגעבען, ווי געהעריג אָפּהיטען אויף טריט און שריט. נישט שפּאָרען קיין געלט אויף עכט־כשר'ע מאכלים, ווי: פּוטער, קעז, שאָקאָלאַד א. א. וו. בכלל טאָר דאָס אידישע משרת קיין דעצידירענד וואָרט נישט באַזיצען, שוין נישט ריידענדיג דערפון, וואָס אַ קריסטליכע דינסט טאָר אַליין נישט בעל־הבית'עווען ביי דער קיך.

וועלענדיג פאַרווירקליכען דאָס כשרות אין דעם אידישען הויז, איז נויטיג תמיד זיך צו פאַרשטענדיגען מיט די דינים אין „קצור שולחן ערוך", אַזוי בנוגע כשרות, טובל'ען א. א. וו. זייענדיג אין אַ געוויסער שטאָט האָב איך געזעהן אַ פאַקט, אַז קיין איין איינציגע אידישע פרוי פון דאָרט האָט נישט געוואוסט אַז קאַרפּען־פיש מוז מען גרינטליך רעווידירען נישט בלויז אין קאָפּ און אין די פליס־פעדערען ,נאָר אויך אין גאַנצען ווענזען.

„אנשי קודש תהיו לי" — נישט מלאכים דאַרפען מיר זיין, נאָר „אנשי" — מענטשען, אָבער אויך „קודש" מוזען מיר זיין! „כי קדוש אני ד' אלוקיכם" — ווייל גאָט ליידט נישט קיין טומאה, אומריינקייט.

# צען בריוו צו אידישע קינדער

## א

## דער שטילער חודש חשון

ליבע קינדער! דער חודש תשרי מיט זיינע ערנסטע טעג, מיט זיין פייערליכען יום-טוב סוכות איז שוין אוועק. איצט קומט אָן דער שטילער חודש חשון. איר האָט דאָך אודאי געהערט, אַז דעם מענטשענס לעבען איז גענליכען צו אַ בוים. לאָמיר זיין אַ בוים, וואָס גיט אַרויס שיינע זיסע פירות. דערצו קען אונז צוהעלפען דער חודש חשון. ווי אזוי? הערט, וועל איך אייך זאָגען! ראש-השנה האָט אונז אַלעמען געוועקט תשובה צו טאָן. און אַזוי ווי דער וואָרצעל איז דער פונדאַמענט פון דעם בוים, אַזוי איז די תשובה דער פונדאַמענט פון דעם אידישקייט. אין יום-כיפור איז אונז גאָט מוחל די עבירות. און אונזער שטאַם ווערט אַ געזיכערטער געגען די בייזע ווינטען, אַז זיי זאָלען אונז חס-ושלום קיין שלעכטס נישט טאָן.

קומט דער פרייליכער יום-טוב סוכות, געניסען די אידישע קינדער פון דער אמת'ער פרייד. די פרייד מיט דער תורה, וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט אָנגעהויבן פאַר-אַ-יאָרען שבת-בראשית און זי פאַרענדיגט אין שמחת-תורה, אָט אָ, דאָס זיינען די געשמאַקע פירות פון דעם אידישען בוים.

אין חודש חשון דאַרפען מיר זעהן, אַז די דאָזיגע פירות זאָלען נישט פאַרוואָרלאָזט ווערען.

מיר דאַרפען אַלע נעמען אויף זיך צו ווערען גאַנצע אידען. מיר דאַרפען אויך זעהן אַנדערע גוט און פרום צו מאַכען, ווי גאָט האָט געבאָטען. דערצו קאָן זייער פיל מיטהעלפען דער זשורנאַל „בית יעקב", און צווישען די קלענערע קינדער — אונזער ליבער שיינער

קינדער-זשורנאַל „קינדערגאַרטן״. ביידע זשורנאַלען זענען אייערע בעסטע פריינט און איהר דאַרפט זעהן, אַז זיי זאָלען זיך געפינען אין יעדער אידישער שטוב.

איך בעט אייך דעריבער, טייערע און ליבע קינדער, אויסצונוצען דעם חודש חשון צו פאַרשפּרייטען ביידע זשורנאַלען צווישען אַלע אייערע נאָענטע און באַקאַנטע און זאַמלען פאַר זיי אַבאָנענטען.

איך גלויב, אַז איהר וועט מצליח זיין אין אייער אַרבייט, ווייל צו יעדער גוטער זאַך, צו יעדען גוטען אויפטו דאַרפען מיר האָבען בטחון, אַז השם-יתברך וועט אונז צוהעלפען.

---

ב

# מיין שלח־מנות צו אייך

דער זייגער שלאָגט צוועלף. די קומענדיגע לערערינס פון די בית-יעקב שולען שלאָפען שוין... ס'איז שאַ-שטיל. און איך חלום פון דערוויטענס וועגען אייך, קינדער מיינע, צעזייטע און צעשפּרייטע איבער אַלע בית-יעקב-שולען אין פּוילן. עס קומט מיר אויפן זינען, אַז מסתמא לערענט איהר שוין אין די שולען וועגען די דריי מצוות, וואָס באַגלייטען דעם פריילירכען און לוסטיגען פורים: לייענען די מגילה, עסען אַ גוטע פורים-סעודה און שיקען שלח-מנות.

טראַכט איך מיר: וואָס זאָל איך שיקען מיינע קינדער שלח-מנות? און דאָ פאַלט מיר איין, אַז דאָס בעסטע און שענסטע שלח-מנות, וואָס איך קאָן אייך געבען וועט זיין אַ בריוועלע צו אייך, ליבע קינדער.

איהר ווייסט דאָך, אַז אַלץ פאַרגייט, נאָר אַ וואָרט באַשטייט, בפרט נאָך ווען דאָס וואָרט ווערט אַרויסגעזאָגט פון טיפען האַרצען, אויפריכטיג, מיט אמת'ער פריינטשאַפט און ליבע.

איהר ווייסט דאָך, אַז מיין איינציגער וואונטש איז, אַז איהר זאָלט אויסוואַקסען אמת-אידישע טעכטער מיט עכטן אידישען שטאָלץ און מיט באַגייסטערונג דינען דעם הייליגען בורא.

און ווער קאָן דינען אַלס אַ בעסערען ביישפּיל ווי אונזער שוועס־טער אסתר המלכה פון דער מגילה?

אָט דערציילט אונז די מגילה: ותלקח אסתר — אסתר איז גענומען געוואָרען אין קעניגליכען פּאַלאַץ אַריין. אַן אַנדער מיידעל וואָלט זיך געפילט גליקליך אָנצוקומען אין די הערליכע פּאַלאַצען פון אַ קעניג, וואוינען אין אַזעלכע רייכע לוקסוס־צימערען, איינגעאָרדענטע מיטן שענסטען קאָמפּאָרט. אסתר׳ן אָבער האָט מען געצוואונגען דאָרט אַריינצוגיין, זי האָט בעסער געוואָלט בלייבען אין דער פּשוטער וואוינונג פון איר האַרציגען פעטער מרדכי, איידער אין די רייכע פּאַלאַצען. און ווען מען האָט איהר אָנגעטאָן די טייערע קעניגליכע קליידער, און די כרפס־שטאָפן, און אין דעם גאָלד־גע־שטיקטען שאַל מיט די טייערע פּערל און בריליאַנטען־באַזעצטע פּאַנ־טאָפל, זאָגט די מגילה, אַז „אסתר לא בקשה דבר״ — זי האָט גאָר־נישט פאַרלאַנגט. זי איז נישט געווען באַגייסטערט פון דעם לוקסוס און פּראַכט, און טאַקע איהר באַשיידענקייט און אידישע צניעות האָט איהר געגעבען חן אין די אויגען פון אַלע, וואָס האָבען זי געזעהן און זי איז געוואָרען אויסגעקליבען פון 127 מדינות.

אָבער אויך דעמאָלט ווען זי האָט געהאַט די מאַכט איבער דעם לעבען און פאַרמעגען פון מיליאָנען מענטשען, האָט זי אויך נישט צופיל שטאָלצירט דערמיט. זי האָט ווייטער געהערט די באַ־פעהלען פון פעטער מרדכי, ווי אין די צייטען, ווען זי איז נאָך אַלס קינד דערצויגען געוואָרען אין זיין הויז.

צוליב איהר באַשיידענקייט האָט זי זוכה געווען צו ווערען די רעטערין פון איהר אומגליקליך פאָלק.

אָט אַזאַ איז געווען אונזער שוועסטער אסתר המלכה, און אַזאַ דאַרף אויך זיין יעדע אידישע טאָכטער.

די דאָזיקע ווערטער האָב איך אייך געוואָלט שיקען אַלס שלח־מנות אויף פורים!

ג

# אנטלויפט פון זאָגען ליגען!

איר ווייסט דאָך, אַז דער הייליגער באַשעפער האָט אונז גע־געבען דעם שבת און אַנדערע ימים־טובים, כדי מיר זאָלען זיך פרייען אין זיי און דינען גאָט מיט האַרציגע תפילות און לערנען אַ סך תורה.

אָבער נישט בלויז דאָס איז דער ציל פון די דאָזיגע הייליגע טעג. דער הויפט־ציל איז, אַז מיר זאָלען די זעלבע געדאַנקען פון דינען גאָט מיט אמת׳ער שמחה אַריינפיהרען אין אונזער טעגליכען לעבען. „וטהר לבנו לעבדך באמת" — רייניג אונזער האַרץ, אַז עס זאָל דיך קענען אמת׳דיג דינען, — בעטען מיר אין יעדער שמונה־עשרה, שבת און יום־טוב.

מסתמא ווייסט איהר שוין, אַז מיר פאַרמאָגען תרי"ג מצוות, וועלכע ווערען איינגעטיילט אויף פליכטען לגבי גאָט, און פליכטען געגען מענטשען.

אָבער גאַנץ אָפט באַמערקט מען, אַז וועגען די פליכטען לגבי גאָט שטרעבט מען מיטן גאַנצען כוח זיי צו דערפילען און אויף די פליכטען געגען אַ מענטשען לייגט מען זייער ווייניג אַכט זיי אויס־צופיהרען. דעריבער האָב איך מיר פאַרגענומען אַנצוהויבען שמועסען מיט אייך וועגען די גרויסע און הייליגע פליכטען, וואָס אַ מענטש האָט צו דערפילען לגבי זיין חבר.

פון וואָס זאָלען מיר אָנהויבען דעם שמועס? כ׳מיין, אַז וויל איך האָב דאָ דערמאָנט וועגען „וטהר לבנו לעבדך באמת", וועלען מיר דערקלערען די גרויסע מצוה צו זאָגען אַלע מאָל דעם אמת און די עבירה פון זאָגען ליגענט.

ווי מיר ווייסען, איז אונזער גרויסער באַשעפער אין אַלעם באַ־גלויבט, און ער האָט אונז געהייסען גיין אין זיינע דרכים. דאָס אַליין דאַרף אונז לערנען אַלע מאָל צו זאָגען דעם אמת און קיינמאָל נישט צו רעדען קיין וואָרט ליגענט. אַחוץ דעם געפינען מיר אין אונזערע הייליגע ספרים, אַז קיין שום עבירה איז נישט אַזאַ פאַרברעכען ווי ליגענט, און קיין שום מצוה איז נישט אַזוי גרויס ווי אָפּהיטען דעם אמת. די גאַנצע וועלט שטייט אויפן אמת. מיר לערנען דאָס אין

פרקי־אבות: אויף דריי זאַכען שטייט די וועלט; אויף אמת, גערעכ־טיגקייט און שלום. אָבער דער אמת איז דער וואָרצעל פון שלום און משפט, און נאָר ער דערהאַלט די וועלט. „אמת" איז די חתימה פון באַשעפער. אויך די הייליגע שטאָט ירושלים איז חרוב געוואָרען, ווייל מ'האָט דאָרט אויפגעהערט צו זאָגען דעם אמת.

וואָס הייסט עס זאָגען דעם אמת, און וואָס מיינט מען זאָגען ליגענט?

ריידען אמת הייסט: נישט ריידען קיינמאָל אַנדערש ווי ס'איז אָדער ווי מען טראַכט.

ליגענט זאָגען הייסט: ריידען אַנדערש ווי מען ווייסט, אָדער וואָס מען האָט אין זינען.

פאַרוואָס איז ליגענט זאָגען אַזאַ שרעקליכע עבירה?

קיין שום מענטש קען נישט אַלץ אַליין וויסען. דערפאַר מוז ער ביי מייסטענס פון זיינע מעשים זיך ריכטען לויט דעם, וואָס אַנדערע זאָגען איהם.

* * *

פאַרטראַכט אייך נאָר, ליבע קינדער: מיר זאָגען עמיצען נישט דעם אמת, ער טוט דעריבער אַלץ לויט ווי מען זאָגט איהם, וואָס פאַר אַ גרויסער שאָדען קען פון דעם פאַר איהם אַרויסקומען? און ווען ער חזר'ט דאָס זעלבע איבער פאַר אַנדערע מענטשען, טוען ווידער אַנדערע מענטשען איהם נאָך, אָדער די וואָס כאַפּען זיך יאָ, אַז ס'איז אַ ליגענט, לאַכען איהם אויס אַלס נאַר און ליגנער. און ער איז דאָך גאָרנישט שולדיג, ער האָט דאָך דעם ערשטען געגלויבט! דערפאַר טאָר מען אפילו אויף אַ געלעכטער, אפילו עס וועט פון דעם אַ גוטע זאַך אַרויסקומען, אויך נישט זאָגען קיין ליגענט.

אָט דערציילט אונז די גמרא: אַ גרויסער תנא האָט געהאַט אַ שלעכטע פרוי, וואָס האָט איהם קיינמאָל נישט געוואָלט קאָכען דאָס מאכל, וואָס ער האָט ליב געהאַט. ווען זייער זון איז גרעסער געוואָרען און דאָס באַמערקט, האָט ער אַלעמאָל געזאָגט דער מוטער פאַרקערט ווי דער פאָטער האָט איהם געזאָגט. אַזוי אַרום האָט דער פאָטער געהאַט אַלץ, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. מיט פרייד האָט דער פאָטער אַמאָל מיטגעטיילט דעם זון, אַז זיין מוטער האָט זיך פאַרבעסערט, דעמאָלט האָט דער זון דערציילט דעם אמת, אַז ער האָט תמיד גע־

זאָגט דער מוטער פאַרקערט, ווי דער פאָטער האָט איהם באַפוילען. אָבער דער פאָטער האָט איהם נישט געלויבט דערפאַר, נאָר אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל מער אַזוינס נישט טאָן, ווייל מען טאָר נישט די צונג צוגעוואוינען צו ליגענט. דער אמת מוז תמיד ליגען אין אונזער מויל, און גאָט וואָס איז בלויז אמת וועט אונז דערפאַר פיהרען אויף די וועגן פון אמת...

מען טאָר אפילו נישט זאָגען קיין ליגענט, וואָס קען קיינעם נישט שאַדען. אַזוי למשל דערציילט ווידער די גמרא א מעשה: זייער אַ פרומער מאַן מיטן נאָמען טוביה פלעגט זאָגען: זאָל מען מיר אפילו אַנידערלייגען אַלע אוצרות פון דער וועלט וועל איך נישט זאָגען קיין ליגענט! ער האָט געוואוינט אין דער שטאָט „קושטא" — (דאָס הייסט אמת). אין דער זעלבער שטאָט איז קיינער נישט געשטאָרבען פאַר דער צייט, ווייל קיינער האָט זיך נישט באַנוצט מיט קיין ליגענט. אין דער זעלבער שטאָט האָט איינמאָל פאַסירט אַ פאַל, אַז ביי איינעם זענען געשטאָרבען צוויי קינדער. דערשראָקענע זענען צו אים געקומען די איינוואוינער פון דער שטאָט, און אים געפרעגט צי ער האָט אַמאָל נישט געזאָגט קיין ליגענט און דערפאַר זיינען אים ביידע קינדער יונגערהייט געשטאָרבען. ער האָט אין תחילת געלייקענט, אָבער שפעטער האָט ער זיך דערמאנט אַ מעשה, ווי אַ שכנ'טע האָט צו אים אַמאָל אָנגעקלאַפּט און געפרעגט אויף זיין ווייב. אַזוי ווי די לעצטע האָט זיך אויפגעקעמט האָט איהר מאַן געענטפערט: אַז זי איז נישטאָ אין דער היים. דעמאָלט האָבען זיי געזאָגט צו אים: מיר בעטען דיך צו פאַרלאָזען אונזער שטאָט און נישט אָנרייצען דעם מלאך־המות אויף אונז!

* * *

אַזוי געפינען מיר אויך, אַז דער מענטש טאָר אויף קיין פאַל נישט זאָגען קיין ליגענט, אפילו ווען דער מענטש האָט עס בלויז אין זינען צו טאָן, און זאָגט עס נישט אַרויס מיט קיין ווערטער — מוז ער עס אויך האַלטען. אויך אָן ווערטער קען מען זיך פאַרשולדיגען אין דער עבירה פון ליגענט זאָגען. ווען מיר הערען, למשל, אַז עמיצער זאָגט אַ ליגענט און מיר שווייגען און אָן אַנדערער גלויבט נאָך צוליב דעם, ווייל מיר זענען דערביי געווען און געשוויגען, האָבען מיר די זעלבע עבירה, ווי דער ליגנער.

אַלס ליגענט ווערט אויך גערעכנט „גניבת דעת", דאָס הייסט, אַז אין די אויגען פון אונזער חבר'טע ריידען מיר פון איהר בעסער ווי מיר האַלטען פון איהר אין אמת'ן. אָדער ווען מיר טוען פאַרבעטען אָדער אויפוואַרטען האַרציג אַזעלכע מענטשען, וועגען וועלכע מיר ווייסען פריער, אַז זיי וועלען אונזער איינלאַדונג נישט אָננעמען. דאָס טאָר מען נישט.

אויך חנפ'נען אַ צווייטען איז אַ מין ליגענט.

און נאָך אַ מין שרעקליכער ליגענט איז פאַראַן: „צביעות", דאָס הייסט, אַז פאַר מענטשען מאַכט מען זיך פרום, און ווען קיינער זעהט נישט טוט מען עבירות. די עבירה איז גאַר שרעקליך, ווייל מען לייקענט חלילה אין דעם באַשעפער, וועלכער זעהט אַלעס.

דער אמת פאָדערט אויך, אַז אַלץ, וואָס מיר זאָגען עמיצען צו, זאָלען מיר גענוי דערפילען, און עס איז אַ גרויסע עבירה, אַז מען האַלט נישט דאָס וואָרט וואָס מ'האָט צוגעזאָגט. דערפאַר, אַז מען קען בשום אופן נישט האַלטען וואָס מ'האָט צוגעזאָגט, דאַרף מען יענעם בעטען, אַז ער זאָל מוחל זיין.

איך האָף, אַז איהר, מיינע טייערע, וועט דאָס אַלץ זיך נעמען אין זינען אַריין און שטענדיק געדענקען, וואָס אונזער תורה וואָרענט אונז: „מדבר שקר תרחק", — פון ליגענט — אַנטלויפט!

ד

# מ'טאָר ניט שווערען!

דאָס מאָל וועלען מיר שמועסען וועגען דער גרויסער עבירה פון שווערען. דאָס אָפטע שווערען קומט דערפון, וואָס מ'איז נישט גע־וואָרענט פון ליגענט זאָגען. אַזוי ווי איך האָב אין מיין פריערדיגען בריוועל גענוג אויפגעקלעהרט וועגען מיאוסקייט פון זאָגען ליגענט, וויל איך, אַז איהר זאָלט אויך ווייסען, ווי גרויס עס איז די זינד פון שווערען.

דאָס שרעקליכסטע איז, אַז מען שווערט אין גאָטס נאָמען. דאָס

הייסט, אַז מען רופט גאָט אַלס עדות, אַז וואָס מען דערציילט איז אמת, פונקט ווי גאָט איז דער אמת'ער באַשעפער. זאָגט מען אָבער אַ ליגענט און מען שווערט דערויף צו, פאַררופענדיג זיך אויף גאָט, הייסט עס פאַלש געשוואוירען און געלייקענט, חלילה, אין דעם באַשעפער...

אַמאָליגע צייטען, ווען אַ מענטש האָט זיך געשוואוירען אין קעניגס לעבען און עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען, אַז די שבועה איז געווען אַ פאַלשע — פלעגט מען דעם מענטש באַשטראָפען מיט טויט, ווי אַ מורד במלכות. אויב דאָס איז ביי אַ מלך בשר ודם, ווי דאַרף מען זיך היטען פון צו פאַרשוועכען דעם נאָמען פון מלך מלכי המלכים!

נישט ווילענדיג שווערט מען אַזוי ביי גאָטס נאָמען און מען ווייסט נישט וואָסערע גרויסע זינד מען באַגייט דערמיט. איך הער ווי קינדער געבען אָפט אַ זאָג „יאַק באָגאַ קאָכאַם” (אין פוילישע: „אַזוי ווי גאָט איז מיר ליב”) און ווער אויפגעציטערט. דאָס איז דאָך אַ ריכטיקע שבועה. ס'איז דאָך נישט קיין חילוק אין וואָס פאַר אַ שפּראַך מען שווערט. ווען איך שריי אָן אויף אַזאַ מיידעל, הויבט זי זיך אָן צו פאַרענטפערען, אַז זי האָט דאָס נישט געמיינט, נאָר ס'איז אַ רגילות אַזאַ. די שבועה אָבער איז שוין אַרויסגעזאָגט...

איהר געדענקט אוודאי אַלע אין דעם דריטען געבאָט פון די עשרת הדברות: „לא תשא את שם ד' אלקיך לשוא”! זאָלסט נישט אַרויסזאָגען דיין באַשעפערס נאָמען אומזיסט, ווייל עס וועט נישט בלייבען אומבאַשטראָפט דער יעניגער, וואָס וועט דאָס טאָן. די זינד פון פאַלש שווערען איז אַזוי גרויס, אַז פון איהר ליידט נישט בלויז דער וואָס שווערט, נאָר אויך זיין גאַנצע משפחה.

מען טאָר אויך דעם צווייטען נישט ברענגען צו אַ שבועה. דעריבער האָבען אונזערע חכמים נישט געהייסען באָרגען קיין געלט אָן אַ שריפטליכער באַשטעטיגונג און נישט געבען צו באַהאַלטען פקדונות אָן עדות.

די גמרא דערציילט: רב אשי האָט אַמאָל געשיקט צו רבינא'ן זיך באָרגען פינף טאָלער, ווייל ס'האָט זיך איהם געטראָפען צו קויפען אַ שטיקעל פעלד. האָט רבינא איהם דערויף געענטפערט: „שטעל מיר אויס אַ וועקסעל גע'חתמ'עט מיט עדות וועל איך דיר באָרגען”!

האָט זיך רב אשי געוואונדערט: פון מיר פאַרלאַנגסטו אַזעלכעס?
„טאַקע נאָר פון דיר פאַרלאַנג איך עס" — האָט רבינא דערויף גע־ענטפערט — „דו ביסט שטענדיג פאַרנומען אין לערנען, קאָנסטו נאָך אינגאַנצען פאַרגעסען, אַז דו האָסט דיר געבאָרגט"...

וואָסערע גרויסע שטראָף עס קומט פאַר עובר זיין אויף אַ שבועה קאָנען מיר זעהן אין ספר יהושע, ווי עכן איז מיט זיין גאַנצער פאַמיליע באַשטראָפט געוואָרען, ווייל ער האָט ביי יריחו עובר געווען אויף יהושע'ס שבועה און צוגענומען פאַרשיידענע זאַכען.

* * *

איך וועל אייך דערקלערען די פאַרשיידענע מינים שבועות, וואָס ס'זענען פאַראַן: אַז מען זאָגט בלויז די ווערטער „איך שווער", הייסט עס שוין אַ ריכטיגע שבועה, ווי מען וואָלט געשוואוירען אין גאָטס נאָמען. דאָס זעלבע איז אויך ווען מען זאָגט „איך באַשווער דיך!" דערביי איז נישט קיין חילוק צו ווען מען מ'זאָגט דאָס, הן צו אַ קינד־הן צו אַ דערוואַקסענעם. צו אַ איד צי צו אַ גוי. אויך איז נישט קיין נפקא־מינה אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך מען זאָגט דאָס.

פאַראַן אויך אַ בחינמ'דיגע שבועה, דהיינו מען שווערט אויף אַ זאַך, אויף וועלכער עס איז נישטאָ קיין ספק, אַז עס איז אַזוי. אָדער ווען מען שווערט, אַז מען וועט טאָן דאָס, וואָס עס איז נישט מעגלעך, אַז ער זאָל עס קענען טאָן.

ווייטער זענען פאַראַן נישט נויטיגע שבועות. למשל, איינער שווערט אויף אַזאַ זאַך, וואָס מען פאַרלאַנגט גאָרנישט ביי איהם קיין שבועה, דאָס טרעפט זייער אָפט ביי סוחרים.

דאָס זעלבע איז אויך מיט אַ נדר. אַ נדר איז פונקט אַזוי ווי אַ שבועה און איז דיזעלבע עבירה.

אפילו אויף אַן אמתדיגע זאַך טאָר מען נישט שווערען. סיידען אין געריכט, אַז מען פאַרלאַנגט אַ שבועה קאָן מען שווערען. אָבער אויך דאָ איז דער חוב אויף יעדען איד זיך אויסצוקויפען מיט געלט אויב דאָס איז מעגלעך.

פאַר פאַלשע שבועות פאַלן די שווערסטע שטראָפען פון גאָט. פאַר אומזיסטע שבועות, אפילו אמת'דיגע, קומט אָרעמקייט, הונגער און נויט.

זעהט דעריבער, מיינע ליבע קינדער, זיך צו דערוויטערען פון וואַסערער ס'איז שבועה. אויב אַ חבר'טע פאַרלאַנגט דאָס פון אייך, ענטפערט איר: איך בין דיר חושד, אַז דו ביזט געוואוינט ליגענט צו זאָגען, אַנדערש וואָלט דיר נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז איך זאָל זאָגען ליגענט און דערויף דאַרפען שווערען!...

איהר לערענט דאָך אין „בית יעקב", כדי אויסצוואַקסען אמתע אידישע טעכטער, אויך זענט איהר פאַראייניגט אין בתיה־פאַרבאַנד, כדי באַוואוסטזיניק צו ווערען אַלס אידישע קינדער, נו, מוזט איהר זעהן צו זיין אַ מוסטער פון ערליכע רואיגע קינדער, מיט גוטע און שיינע מידות ווי עס פאַסט פאַר אייך.

ה

# היט אייך פון לשון־הרע!

אין דער תורה שטייט געשריבען: „לא תלך רכיל בעמך", דו זאָלסט נישט אַרומטראָגען אין פאָלק קיין רכילות! מיטן אָפּטראָגען רכילות פון איין מענטש אויפן צווייטען, צעשטערט מען די ליב־שאַפט צווישען מענטשען. ס'קען נישט זיין קיין שלום דאָרט וואו עס זיינען פאַראַן רכילות'ניקעס.

צוליב דעם גרויסען פאַרברעכען פון רעדן לשון־הרע איז געשעהן דאָס אומגליק מיטן חורבן ירושלים. מיר זאָגען דאָס אין אונזערע תפילות „ומפני חטאינו גלינו מארצנו" — צוליב אונזערע זינד זיינען מיר פאַרטריבען געוואָרען פון אונזער לאַנד!

די עבירות פון לשון הרע און רכילות נעמען אַרום פיל שרעקלעכע פאַרברעכענס, דאָס זענען זיי:

א) דער, וואָס דערציילט נאָך, וואָס ער האָט געזעהן אָדער געהערט ביי יענעם, אפילו ווען ער דערציילט גאָרנישט קיין שלעכטס, קוים האָט ער יענעם נישט אָנגעפרעגט, צי ער מעג דאָס טאָן — הייסט ער שוין אַ „הולך רכיל".

ב) דער, וואָס דערציילט שלעכטס אויפֿן צווייטען, מעג עס זיין אפילו אמת, איז עס לשון הרע.

ג) ווען איינער טראַכט אויס אויפֿן צווייטען, אַז ער האָט געטאָן אַ שלעכטע זאַך, און די גאַנצע מעשה איז נישט אמת.

אַ גרויסער חטא איז, ווען מען טוט נאָר אַמאָל איינס פון די דריי זאַכען. און גאָר שרעקליך איז, ווען מ׳איז קיינמאָל נישט אָפּגעהיטען פון די דריי פאַרברעכענס, דעמאָלט איז די שטראָף גאָר אַ האַרבע, און דער מענטש, וואָס איז נישט נזהר אין דעם איז אַ פאַרלוירענער אויף אייביג.

אויך טאָר מען נישט רעדן פאַרשטעלט. למשל, מען טאָר נישט זאָגן, אַז דער און דער איז איצט גוט, פון וועלכען מען קען דרינגען, אַז אַמאָל איז יענער שלעכט געוועזן. מען טאָר אויך נישט לויבן אַ מענטש אין די אויגען פון זיינס אַ שונא. דאָס פיהרט דערצו, אַז יענער וואָס שטייט דערביי הויבט אָן צו רעדן אויף יענעם שלעכטס און שולדיג איז גאָר דערין דער, וואָס האָט אים עקסטרע געלויבט.

דער וואָס נעמט אויף און הערט זיך צו צו לשון הרע טוט נאָך אַ גרעסערע עבירה ווי דער רכילות׳ניק אַליין. וואָרום, ווען ער וואָלט נישט געוואָלט אויסהערען, וואָלט יענער נישט געהאַט וועמען צו דערציילען.

אונזערע חכמים זאָגען טאַקע, אַז „לשון הרע הרג׳עט דריי מענטשען״: דער וואָס דערציילט, וועגען דעם וואָס מען דערציילט און דער וואָס הערט זיך צו דערצו. דער לעצטער איז מער שולדיג ווי דער ערשטער.

די תורה גיט אונז דעם בעסטען משל פון באַשטראָפען פאַר לשון הרע ביי מרים׳ן און די מרגלים. מרים האָט נאָר איין שלעכט וואָרט גערעדט אויף איר ברודער משה, אַ חוץ גאָט האָט דאָס אפילו קיינער נישט געהערט, און דאָך איז זי באַלד דערפאַר באַשטראָפט געוואָרען. די מרגלים ווידער האָבען בלויז גערעדט שלעכטס אויפֿן לאַנד, אויף ביימער און שטיינער און דערפאַר איז אויף זיי געקומען אַ מגפה און אַלע שלעכטע ריידער זענען אויסגעשטאָרבען.

דאַגעגען רעכענט אויס דער מדרש צווישען די פיר זאַכען, צוליב וועלכע אידען זענען אויסגעלייזט געוואָרען פון מצרים אויך דאָס, וואָס זיי זיינען געווען אָפּגעהיט פון לשון הרע.

צו לשון הרע געהערט אויך דאָס אויסזאָגען אַ פּאַרטרויטען סוד. ווער עס קאָן נישט באַהערשען זיין צונג פון אויסזאָגען אַ סוד קאָן מען גאָרנישט פּאַרטרויען. אַזוי דערציילט מען, אַז מ׳האָט אַמאָל געפרעגט אַ חכם, וואָס ער טוט מיט אַ סוד, וואָס אַ צווייטער האָט איהם אַמאָל אָנפּאַרטרויט. האָט ער דאַרויף געענטפערט: איך טו פאַר דעם סוד אויסגראָבען אַ קבר אין מיין האַרץ. אַ צווייטער האָט אויף דער זעלביגער פראַגע געענטפערט: איך האָב שוין פאַרגעסען וואָס דו האָסט מיך געפרעגט...

ליבע קינדער! פאַר יעדען וואָרט, וואָס אַ מענטש רעדט, מוז ער אָפּגעבען אַ דין וחשבון. אָט וועל איך אייך דערציילען אַ שיינע מעשה וועגען דעם.

אַ גרויסער צדיק האָט אַמאָל געהערט, ווי זיינע חסידים באַוואונדערען דעם טעלעפאָן, טעלעגראַף און די באַן. פּלוצלינג איז דער רבי אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט און געזאָגט: טעלעפאָן, טעלעגראַף באַן — דאָס זענען אַלץ פיינע זאַכען, גאָר וויכטיגע זאַכען.

— און אפשר נישט — זאָגט ווייטער דער רבי — דער טעלעפאָן ווייזט אונז אַמבעסטען, אַז וואָס מען רעדט דאָ הערט מען דאָרטען, אַז מען רעדט אין קראָקע הערט מען אין וואַרשע, לאָנדאָן און אפילו אין ניו־יאָרק — איז אַ פשיטא, אַז מ׳הערט אין הימעל, וואָס מען רעדט דאָ אויף דער ערד!

— דער טעלעגראַף ווייזט אונז אַמבעסטען, אַז פאַר יעדען וואָרט מוז מען טייער באַצאָלען. אַז מען גיט אָן אויף דער פּאָסט אַ טעלעגראַמע מוז מען צאָלען פאַר יעדען וואָרט למשל 15 גראָשען. נאָך אַ וואָרט — נאָך 15 גראָשען. נו דאַרף דען נישט דער מענטש האָבען אויף אַזויפיל שכל, אַז ווען גאָט גיט אים כוח צו רעדען, דאַרף אויך יעדעס וואָרט טייער זיין? און אויך די באַן לערענט אונז אינטערעסאַנטעס. זעהט נאָר, וויפיל שאָדען קאָנען מיר האָבען, ווען מיר פאַרשפּעטיגען די באַן אין גאַנצען מיט איין מינוט. מיר מוזען דערנאָך וואַרטען אַ לאַנגע צייט, ביז ס׳קומט אָן אַ צווייטער צוג, וואָס פיהרט אונז צו מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיגונג צום אָרט, וואו מען דאַרף. און אַז מען פאַרשפּעטיגט אַ מינוט אין שבת און אין יום־טוב — ווי גרויס איז ערשט דער שאָדען!...

געדענקט ליבע קינדער, היט אייער וואָרט, אייער צונג, אייער

אויער און אייער צייט! און אַז אידישע קינדער וועלען זיך פיהרען ווי די תורה האָט געבאָטען, וועט באַלד קומען משיח און מיר וועלען פון פינסטערען גלות אויסגעלייזט ווערען במהרה בימינו!

ו

# כבד את אביך ואת אמך!

אַ וויכטיגע זאַך, וואָס אַלע קינדער דאַרפען אָפּהיטען, איז די מצוה פון „כיבוד אב ואם".

אַ סך פון אייך וועלן אוודאי זאָגען, אַז דאָס ווייסען זיי שוין פון דער לערערין, אָבער, ווי מיר האָבען דאָ נישט לאַנג געזאָגט, ווערן די זאַכען וואָס מען דאַרף אָפּהיטען געגען מיט־מענטשען זייער אָפט פאַרגעסען, און קיין נאָענטערע ווי טאַטע־מאַמע איז דאָך נישטאָ פאַר קיינעם!

אין דער הייליגער תורה לערנען מיר: כבד את אביך ואת אמך למען יאריכון ימיך על האדמה אשר ד' אלקיך נותן לך" — דו זאָלסט בכבוד האַלטען דיין פאָטער און מוטער דורכדעם וועלען דיינע לעבענס־טעג פאַרלענגערט ווערען אויף דער ערד, וואָס דיין גאָט גיט דיר. דאָס געבאָט ווערט צוויי מאָל איבערגע'חזר'ט אין דער תורה.

אַלס אידיש פאָלק היטען מיר אָפּ דאָס דאָזיגע געבאָט נישט בלויז דערפאַר, וואָס טאַטע־מאַמע טוען מיט אונז גוטס פון געבוירען ווערען אָן, גיבען אונז עסען, קליידער, שיקען אונז אין שול אַריין, נאָר אויך דערפאַר, וואָס זיי פאַרבינדען אונז מיטן אידישען פאָלק.

דורך אונזערע עלטערען זענען מיר קינדער פון אַ פאָלק וואָס גאָט האָט אויסגעקליבען פון זיבעציג פעלקער און עס געמאַכט פאַר אַן עם קדוש, אַ הייליק פאָלק, וואָס האָט אַליין ביים באַרג סיני געהערט די צעהן געבאָט.

אויך די לוחות, וואָס גאָט האָט געגעבען זיין פאָלק איז צוגלייך מיט דעם געבאָט, מורא צו האָבען פאַר דעם איינציגען באַשעפער

אויך מיט פייערדיגע אותיות אויסגעקריצט געוואָרען, אָפּצוגעבען כבוד די עלטערען.

און ווייסט איהר פאַרוואָס? ווייל די עלטערען זענען גאָטס שלוחים. ער האָט זיי באַפוילען אונז צו שפּייזען און קליידען. מיט עהרען אונזערע עלטערען גיבען מיר אָפּ כבוד צו השם יתברך אליין.

אין דער גמרא דרש'ענען אונזערע חכמים, אַז גאָט זאָגט, ווען קינדער גיבען אָפּ כבוד זייערע עלטערען, דעמאָלט וואוין איך אין דעם הויז, און עס איז אַזוי גוט, ווי זיי וואָלטען מיר אליין מכבד געוועזען.

און מיר זעען טאַקע, ווי ביי דער מצוה, האָט גאָט באַלד צו־געשריבען דעם שכר דערפאַר: מיר וועלען דורכדעם לעבען צופרידען און גליקליך אין אונזער אייגענעם לאַנד.

* * *

ווי אַזוי דאַרף מען אָהיטען די מצוה פון כיבוד אב ואם?

אויף צוויי אופנים דאַרף מען די דאָזיגע מצוה טאָן: מורא און כבוד. מיר מוזען האַלטען די עלטערען אַלס די העכסטע מענטשען און זיי אַרויסווייזען כבוד דורך ווערטער און מעשים.

אַזוי מוז מען אַלץ האָרכען פאָטער און מוטער. ווען עלטערען שיקען ערגעץ, טאָר מען נישט זאָגען: „איך בין מיד! מיך גלוסט נישט איצט!" ניין, תמיד מוז מען טאָן די עלטערענס באַפעל.

מען טאָר אויך נישט טאַדלען זייערע מעשים. אַזוי לערענט אונז די גמרא: „אפילו ווען אַ פאָטער אָדער מוטער וואַרפען אַ בייטעל מיט גאָלדענע רענדלעך אין ים אריין טאָר מען זיך אויף זיי נישט בייזערן". אָדער „ווען איינער פיהרט אָן מיט אַ פאַר־זאַמלונג און ס'קומט אריין זיין פאָטער אָדער מוטער און שפּייט אים אין פּנים אריין, טאָר ער נישט אָקעגען רעדען, נאָר מוז עס אָננעמען ווי אַ שטראָף פון גאָט".

די גמרא דערציילט אפילו פון אַ גוי, דמא בן נתינה, ווי שטאַרק ער איז געווען נזהר אין דער מצוה: „איינמאָל זענען צו איהם געקומען אַ פּאָר אידען קויפען טייערע בריליאַנטען פאַר דעם בית־המקדש און ער האָט געקענט דערביי פאַרדינען זעקס הונדערט טויזענט טאָלער. איז אָבער גראָד זיין פאָטער געשלאָפען און די

שליסלען פון דער שאַנק זענען געלעגען אונטער דעם פּאָטערס קישען. האָט ער נישט געקוקט אויפן פּאַרדינסט און נישט געוואָלט אויפֿוועקען זיין פּאָטער פון דעם שלאָף"...

דערזעלבער גוי דמא, איז אַמאָל געזעסען אויף אַ באַל צווישען די גרעסטע מענטשען פון רוים, און איז געווען אָנגעטאָן אין טייערע זיידענע מלבושים. איז פלוצלינג אָנגעקומען זיין מוטער, צעריסען אויף אים זיינע מלבושים, אים געשלאָגען איבערן קאָפּ און פאַר איהם אַ פּאָר מאָל אויסגעשפּיגען. אָבער ער האָט געשוויגען און מיט קיין איינציג וואָרט נישט אָקעגען גערעדט זיין מוטער...

אַזוי ווייט האָט אָפּגעהיטען אַ גוי דעם כבוד פון זיינע עלטערען. נו, ווי דאַרפען מיר ערשט, מיר, וואָס פאַרמאָגען אַזאַ הייליגע תורה, כבוד אפּגעבען אונזערע עלטערען?

מיט וואָס קאָנען און דאַרפען מיר אַרויסווייזען כבוד אונזערע עלטערען?

קודם-כל מוז מען אַלץ צוהערען צו פּאָטער און מוטער. קיינמאָל נישט אָפּזאָגען זיך פון טאָן זייער פאַרלאַנג. גיין זייער שליחות, נישט זיצען אויף זייער באַשטימט אָרט, נישט רעדען אָן זייער דערלויבעניש. אין שול אָדער אויף אַ פאַרזאַמלונג נישט פאַרנעמען זייער באַשטימטען פּלאַץ. תמיד זיך באַמיען צו אָנערקענען זייערע רייד. אויפשטעלען זיך ווען זיי קומען אָן. קיינמאָל נישט גיין פריער פאַר זיי. ווען זיי שלאָפען — נישט רעדען הויך, זיך פאַרהאַלטען גאַנץ רואיג און בכלל קיינמאָל נישט שטערען זייער רוה.

גוטע קינדער גיבען אַוועק דאָס טייערסטע, כדי אָפּצוהיטען דעם כבוד פון טאַטע-מאַמע. מען דאַרף די עלטערען באַדינען מיט ליבשאַפט און זיי אַנטקעגענטראָגען פון שענסטען און בעסטען.

די מצוה פון כיבוד אב ואם איז אַזוי גרויס, אַז ווען מען ווייסט אפילו, אַז מען וועט דעריבער פאַרלירען געלט, אַ פאַרמעגען, מוז מען עס אויך אָפּהיטען. אָרימע עלטערען מוז מען שטיצען, אפילו ווען מען דאַרף זיי אַוועקגעבען דעם לעצטען ביסען פון מויל.

דאָס שטיצען עלטערן און בכלל זיי העלפען אין יעדען פאַל מוז מען אָבער טאָן מיט אַ פריינטלעך פנים, מיט ליבשאַפט און מיט דער גרעסטער שמחה דאַרף מען עלטערען מפרנס זיין.

די גמרא דערציילט אונז, ווי איינער האָט געגעבען זיין פּאָטער

צו עסען געבראָטענע פייגעל און דערביי פאַרלוירען זיין עולם-הבא. וועט איהר פרעגען פאַרוואָס? ווייל ווען דער פאָטער האָט גע־פרעגט זיין זון „פונוואַנען האָסטו דאָס אַלץ?” האָט ער איהם געענטפערט: „וואָס גייט עס דיך אָן, אַלטער? עס און גענוג!”

אַן אַנדערער זון האָט זיך ווידער פאַרדינט עולם-הבא, כאָטש ער האָט געלאָזט זיין פאָטער אַרבעטען ביי אַ מיל. ער איז גע־גאַנגען אויף זיין אָרט ביי אַ שווערערער אַרבייט, דאָס פאַרדינסט דעם פאָטער אַוועקגעגעבען און אים דערביי געטרייסט מיט גוטע ווערטער.

פאַראַן אָבער אַמאָל, ווען מען דאַרף נישט טאָן דעם רצון פון טאַטע-מאַמע. דאָס איז דעמאָלט, ווען זיי פאַרלאַנגען, חלילה, עובר צו זיין אויף דער תורה. דעריבער שטייט אין דער תורה באַלד ביי דער מצוה פון כבוד אב ואם אויך „און מיינע שבתים זאָלט איהר היטען!” ווייל סיי די עלטערען, סיי די קינדער זיינען מחויב צו היטען גאָטס תורה. אין אַזאַ פאַל, ווען די עלטערען הייסען עפּעס טאָן קעגען דער תורה, טאָר מען איבער זיי הויך נישט אָנ־שרייען אָדער זידלען, נאָר געלאַסען און רואיג ענטפערען: „אין דער תורה שטייט אַזוי און אַזוי!”

אויך ווען די עלטערען לעבען שוין נישט, חלילה, מוז מען זייער נאָמען דערמאַנען מיט גרויס כבוד, און תמיד צוגעבען די ווערטער: „זכרונם לברכה”.

איהר ווייסט דאָך אוודאי, אַז אָפּגעבען כבוד דאַרף מען אויך אַן עלטערען ברודער, עלטערער שוועסטער און מכל-שכן אַ לערערין און אויך יעדען איינציגען מענטש, אפילו אַן אייגענע חבר'טע.

ז

# ואהבת לרעך כמוך!

ליבע קינדער! איצט וועלען מיר רעדען וועגען אונזערע הת־חייבות׳ן צו די מענטשען, וועלכע לעבען מיט אונז צוזאַמען אויף גאָטס וועלט. אַלע קינדער מעגען דאָס טאַקע וויסען.

ווען מיר זאָגען, אַז מען דאַרף ליב האָבען מענטשען, איז נישט קיין חילוק ווער דער מענטש איז: צי פון אונזער פאָלק, צי פון אַן אַנדער פאָלק. אַ מענטש איז אַ מענטש.

די תורה לערענט אונז: גאָט איז גוט צו אַלע. זיין רחמנות נעמט אַרום אַלע זיינע מעשים. דער באַשעפער דערנערט אַלע און אַלץ, די שטאַרקסטע חיה ווי דאָס שוואַכסטע פליגעלע.

מיר ווייסען אויך פון דער תורה, אַז דער מענטש איז באַשאַפען געוואָרען בצלם אלקים — אין גאָטס פאָרעם. דער מענטש איז ענליך צו זיין באַשעפער. שוין דעריבער דאַרפען מיר נישט מאַכען קיין חילוק פון מענטש צו מענטש. דערמיט וואָס מיר באַליידיגען יענעם הייסט דאָס אויך באַליידיגט חלילה גאָט, צו וועלכען דער מענטש איז ענליך.

אַלע מענטשען קומען אַרויס פון אדם און חוה און זיינען ממילא קינדער פון איין טאַטע־מאַמע. ווי שלעכט איז און וואָס פאַר אַ צער האָבען די עלטערען, ווען ברידער און שוועסטער לעבען נישט צווישען זיך בשלום? גרויס איז דעריבער דער צער פון גאָט, ווען זיינע קינדער, די מענטשען, גרויסע צי קליינע, לעבען צווישען זיך נישט גוט.

„ואהבת לרעך כמוך" — האָב ליב יענעם ווי זיך אַליין, לערענט אונז די הייליגע תורה, און פאַרענדיגט דאָס געבאָט מיט די ווערטער „אני ד'", איך בין גאָט, כ׳האָב אַלע גלייך באַשאַפען, צוליב מיר דאַרפט איר שוין איינער דעם צווייטען ליב האָבען.

יעדען מענטש מוזט איהר ליב האָבען. סיי דעם נאָענטען, סיי דעם פרעמדען. דעם גר מוזטו גאָר ליב האָבען, ווייל פרעמדע (גרים) זיינען מיר דאָך אַלע געווען אין מצרים. אפילו די אַנדערש גלויביגע טאָר מען אויך נישט פיינט האָבען.

נאָר מיט ליבע און פריינשאַפט קען מען מקרב זיין אַנדערע פעלקער צום אידישען גלויבען. אויף זייער אַ סך ערטער אין תנ״ך ווערט דערציילט, ווי אַזוי דאָס אידישע פאָלק און זיינע פיהרער האָבען זיך אויפגעפיהרט לגבי אַנדערע פעלקער און אַרויסגעוויזען צו זיי ליבשאַפט.

מיר זעען עס ביי אונזער פאָטער אברהם, ווי פריינדליך ער האָט אויפגענומען פרעמדע געסט, זיך איינגעשטעלט פאַרן מלך פון סדום און שפעטער געבעטען ביי גאָט פאַר סדום ועמורה. משה רבינו קומט צוהילף פרעמדע פאַסטוכער און באַשיצט זיי. יהושע היט אָפּ זיין צוזאָג צו די געצען-דינערישע גבעונים. שלמה המלך בעט ביים חנוכת הבית פון דעם בית-המקדש, אַז די תפילה פון יעדען זאָל ווערען אָנגענומען. פיל אַזעלכע פאַקטען ווערען געבראַכט פון פאַרשידענע צייטען, וואָס לערנען אונז, אַז די ליבע צו אַלע מענטשען דאַרף זיין זייער שטאַרק. די מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך״ באַפעלט אונז אויך זיך צו פרייען מיטן גליק פון יעדען מענטש און מיטפיהלען מיט יעדען לייעדענדען און באַטריבטען, פונקט ווי עס וואָלט געווען אייגענס.

דערפאַר, ווייל יעדער מענטש איז באַשאַפען געוואָרען בצלם אלקים איז נישט קיין חילוק צי יענער איז שיין צי מיאוס, קלוג צו נאַריש. די גרעסטע עבירה איז דעריבער דאָס פאַרשעמען יענעם, עס איז פונקט אַזאַ פאַרברעכען ווי הרג׳ענען און בלוט פאַרגיסען, וואָרום דער פאַרשעמטער ווערט אין תחילת רויט, און באַלד בלאַס ווי אַ טויטער.

רבי חנינא זאָגט: אַלע זינדיגע קומען אין גיהנם אָפּ זייער שטראָף, אחוץ די וואָס פאַרשעמען עמיצען, אָדער זיי רופען אים אָן מיט אַ צונאָמען. זיי גייען פון גיהנם קיינמאָל נישט אַרויס. מען טאָר נישט רופען מיט אַ צונאָמען, אפילו ווען יענער איז שוין צו דעם צוגעוואוינט און ס׳אַרט אים גאָרנישט. דער וואָס טוט באַ־ליידיגען און פאַרשעמען זיין חבר איז נישט ווערט צו געהערען צום פאָלק ישראל.

האָט איהר, מיינע ליבע קינדער, געוואוסט פון דער שרעקליכער עבירה? צי האָט איהר זיך אַמאָל פאַרטראַכט, ווי שרעקליך עס איז, אַז מען פאַרשעמט אַ חבר׳טאָרין?

אַז איך האָב אַמאָל געהערט ווי קינדער זידלען זיך און רופען

אָן איינס דעם אַנדערען מיט די פאַרשידענסטע צונעמען האָט עס מיר זייער שטאַרק ווייַ געטאָן. איך שטעל מיר אָבער נישט פאָר, אַז חלילה קינדער פון בית-יעקב זאָלען אויך אַזוינס טאָן!

אויב ערגעץ-וואו האָט אַ שילערין פאַרשעמט איר חברטע, אָדער זי אָנגערופען מיט אַ צונאָמען, זאָל זי באַלד יענע איבערבעטען און אויף זיך נעמען קיינמאָל מער אַזעלכעס נישט צו טאָן.

* * *

וואָס הייסט אַלץ פאַרשעמען?

אַז מען רעדט וועגען איינעם שלעכטס, אפילו מען דערמאַנט נישט זיין נאָמען, אָבער אַלע שטויסען זיך אָן וועמען מען מיינט — האָט מען אים מבייש געווען. ווען מען דערציילט דאָסגלייכען אַזעלכע פעהלערען, וואָס יענער האָט אַמאָל געטאָן און היינט טוט ער זיי נישט, אָדער ווען מ'האַלט איינעם פאָר, אַז ער האָט נישט קיין שיינע משפחה, אָדער אַז מען רעדט אויס אויף זיינע עלטערען.

און ווייסט איהר, מיינע ליבע קינדער, ווי אַזוי מען קומט באַלד צו אַזעלכע רייד? ווען מען רעדט צופיל, אַז מען טראַכט זיך נישט איבער פריער, איידער מען וויל עפּעס זאָגען. אויף דעם זאָגט טאַקע שלמה המלך: „אַז מען רעדט צופיל, רעדט מען טאַקע אָן חכמה און אָן שכל.

נעמט אייך, מיינע קינדער, צו פאַרשטאַרקען ביי אייך די חבר'-שאַפט און מקיים זיין מיטן גאַנצען האַרץ דעם „ואהבת לרעך כמוך"!

---

ח

# מ'טאָר זיך ניט נוקם זיין!

אונזער הייליגע תורה הייסט אונז ליבען אַלע מענטשען, אפילו די וואָס ליבען אונז נישט. אויך אַ שונא טאָר מען נישט פיינט האָבען. אונזערע חכמים לערנען אונז, ווען מיר דאַרפען העלפען אַ פריינט און אַ פיינט, זאָל מען פריער העלפען דעם שונא, מען באַדאַרף אין זיך קענען באַהערשען דאָס נקמה-געפיהל.

נוקם זיין זיך הייסט, ווען איינער טוט מיר שלעכטס צעפלאַקערט זיך אין מיר דאָס שטרעבען יענעם אָפּצודינען מיט שלעכטס און דאָס טאָר קיין איד נישט טאָן. אַז אַ קינד וויל דאָס צווייטע קינד נישט באָרגען קיין ביכעל, אַ בליישטיפט צי אַן אַנדער זאַך, און אַן אַנדער מאָל בעט ווידער עפּעס דאָס ערשטע קינד. זאָגט דאָס ערשטע קינד: „געדענקסט שוין נישט ווי דו האָסט מיר נישט געוואָלט באָרגען און איצט וויל איך טאַקע דיר אויך נישט באָרגען" — אָט דאָס הייסט נקמה און דאָס טאָר מען נישט, מיינע טייערע קינדער!

אַז אַ מענטש באַליידיגט אָדער טוט אַן עוולה אַ צווייטען מענטש, דאַרף דער צווייטער גיך פאַרגעסען און באַלד יענעם מוחל זיין, אפילו ווען יענער בעט דאָס נישט. אַליין דאַרף מען ביי זיך אין האַרצען יענעם פאַרטיידיגען און דן זיין לכף זכות. און ווען אפילו עס דאַכט זיך דיר, אַז יענער האָט דיר אַ שאָדען געבראַכט, טאָרסטו אויך נישט אויף יענעם בייז זיין. אַלץ איז דאָך פון גאָט אַליין פון פריער אויס באַשטימט.

אָן רצון פון אויבערשטען געשעהט דאָך נישט קיין שום זאַך, דעריבער קלייבט זיך אויס דער באַשעפער צום גוטען גוטע שליחים און צום שלעכטען, חלילה, שלעכטע שליחים. נוקם זיין זיך, הייסט דעריבער גיין קעגען דעם רצון פון השם יתברך.

אַמבעסטען זעען מיר דאָס ביי יוסף'ן ווי ער נעמט נישט נקמה פון זיינע ברידער, וואָס האָבען איהם פאַרקויפט. אדרבא, ער זאָגט צו זיינע ברידער: זייט נישט טרויעריק מיינע ליבע ברידער, ווייל נאָר אייך צו ראַטעווען פון הונגער, האָט מיך גאָט דאָ אַהער געשיקט!

חוץ נקמה נעמען, איז אויך פאַרווערט צו זיין א נוטר שנאה. „נטירה" הייסט ווידער, ווען איינער באַרגט אַזעלכען, וואָס יענער האָט איהם נישט געוואָלט באָרגען און זאָגט דערביי: זעהסט, כאָטש דו האָסט מיר נישט געבאָרגט, באָרג איך דיר יאָ"! מיט אַזעלכע ווערטער ווייזט מען אַרויס, דאָס די שנאה צו דעם מענטש איז נאָך נישט אין גאַנצען פאַרגעסען געוואָרען און דאָס איז שוין אויך נישט ריכטיג.

נאָך אַ שרעקליכע עבירה איז פאַראַן און דאָס איז שעלטען. געבען אַ קללה אַ צווייטען מענטש. מען טאָר נישט שעלטען אפילו אונטער יענעמס אויגען. נאָך אַ גרעסער פאַרברעכען איז צו שעלטען

מיט גאָטס נאָמען. מען טאָר אויך נישט שטיין דערבײַ, ווען איינער שעלט דעם צווייטען, מען טאָר זיך נישט צוהערען צו קללות.

יאָ, איך ווייס מיינע ליבע קינדער, אַז איהר וועט גאָרנישט פאַרשטיין ווי אַזוי מען קען בײַ זיך פועל'ן דאָס אַלץ. ווי קען מען יענעם באַרגען, ווען יענער וויל אַליין נישט באָרגען? ווי קען מען יענעם אפילו נישט מאַכען אַ פאָרוואורף, ווען יענער וויל נישט באָרגען? ווי קען מען זיין אַזוי געוואָרענט נישט צו באַליידיגען קיינמאָל און נישט צו האָבען קיין פאַרדרוס אויף אַ צווייטען מענטש?

דערפאַר אָבער מיינע טייערע, זענט איהר טאַקע קינדער פון „בית יעקב"! מוזט איהר זיין אַ מוסטער מיט אייער אמת-אידישער אויפפיהרונג, מיט אייערע שיינע און איידעלע מדות. זייט זיכער, אַז איהר וועט זיך איינציגווייז צו דעם צוגעוואוינען.

ט

# זייט ניט שטאָלץ בײַ זיך!

אָט ווּעלען מיר איצט אַרומריידען די מיאוסע טבע בײַ אַ סך קינדער און אפילו פון „בית יעקב" זיך צו האַלטען גאווה'דיג שטאָלץ.

ווי אַזוי פאַרהיט מען זיך טאַקע דערפון — וועט איר דאָך געוויס פרעגען — ווי אַזוי קען מען בײַ זיך פועל'ן נישט צו האַלטען זיך גרויס?

דאָס ערשטע מיטעל איז, נישט צו האַלטען די זאַך, וואָס מען האָט פאַר אייגענס. נישט דאָס פאַרמעגען, נישט די קערפער-קרעפטען און שיינקייט, נישט די שאַרפקייט פון גייסט, נישט די פעהיגקייטען. אַלץ דאַרף מען ווּיסען האָט מען זיך אַליין נישט גענומען. דער באַשעפער וואָס האָט דאָס אַלץ אונז געגעבען, ער האָט דאָס אונז געגעבען נאָר אַלס מתנה און טאַקע ער איז דער מושל דעריבער. אַלץ איז דעם מענטש געגעבען געוואָרן פון גאָט: — שטאַרקייט, רייכקייט, געזונט, חכמה, שיינקייט און אַלע אַנדערע אוצרות מיט וועלכע דער מענטש פרייט זיך אַזוי שטאַרק.

איינס בלויז איז אין דער האַנט פון מענטש און דאָס איז יראת השם. טאָ ווי אַזוי קען מען זיך גרוים האַלטען מיט אַזעלכעס, וואָס איז נישט אונזער אייגענס, און צי קען מען שטאָלצירען מיט אַזוינס וואָס מיר האָבן דאָס אַליין נישט געקענט זיך נעמען?

צי פיהלט איהר דען נישט אַליין, אַז וואָס מער טובות מ׳האָט פון באַשעפער, פיהלט מען דערפון זיין גרויסקייט און אונזער קליינ־קייט? וואָס מער שכל און חכמה מען פאַרמאָגט, אַלץ גרעסער זענען אונזערע פליכטען.

איהר פאַרשטייט דאָך דאָס אַמבעסטען. פון אַ פעהיגע שילערין, פאַרלאַנגט די לערערין מעהר ווי פון אַ ווייניגער פעהיגע און דער קלענסטער פעהלער פון די ערשטע איז האַרבער ווי אַ גרעסערער פעהלער פון די צווייטע.

* * *

געווים וועט זיך נישט איינע פון אייך טראַכטען: איך בין פלייסיג, איך האָרעווע שווער ביי די לעקציעס און אַז איך קען טאַקע די לימודים, טאָ טאָר איך זיך גאָרנישט האַלטען העכער ווי מיינע חברטעס, וואָס האָבען זיך נישט פלייסיג געלערענט?

אָבער מיינע טייערע! ווער גיט אייך דען כוח און פאַרשטאַנד צו קענען די לימודים מקבל זיין, אויב נישט השם יתברך? טאָ ווי קענט איהר שטאָלצירען מיט אַ זאַך, וואָס איז נישט אייער אייגענס?

דער אידישער גרויסער געלערענטער רמב״ן, רבי משה בן נחמן, האָט פאַר זיין זון איבערגעלאָזט אַ בריוו און געהייסען אים יעדען טאָג לייענען; דאָרט לייענען מיר וועגען דער מיאוסער מדה פון גאווה: „זאָלסט וויסען מיין זון, ווער ס׳איז שטאָלץ, דער איז מורד אין השי״ת, ווייל ער רימט זיך מיט אַ קלייד, וואָס געהערט צום בורא. און מיט וואָס אָדער אויף וואָס זאָל דער מענטש שטאָלץ זיין? מיט זיין רייכטום? גאָט מאַכט דאָך אָרים און רייך, אפשר מיט זיין כבוד? וואָס קאָן זיך דער מענטש באַרימען, מיט זיין כבוד, עס שטייט דאָך ווי מיר זאָגען ביי תפילת שחרית „העושר והכבוד מלפניך״. אָדער שטאָלצירט ער אויף זיין חכמה, השי״ת קען דאָך איהם די חכמה אין איין מינוט אַוועקנעמען. אַלץ איז אין באַשעפערס האַנט. ער דערנידעריקט די שטאָלצע און דערהויבט די נידעריקע,

דערפאַר זאָלסטו דיך האַלטען „עניוות'דיג" נידעריג, כדי השי"ת זאָל דיך דערהויבען".

דער חתם־סופר, וואָס איך האָב אין לעצטען בריוועל אייך געשריבען, אַז אויך אין זיין שטאָט פּרעשבורג האָבען מיר אַ „בית יעקב" געגרינדעט ,וואו עס לערענט טאָקע אַלס לערערין זיינס אַן אייניקעל, וועלכע האָט געענדיגט ביי אונז אין קראָקע דעם סעמינאַר, אַט דער גרויסער איד, וואָס האָט אין זיין דור גע'שמ'ט אַלס דער גרעסטער גאון נישט נאָר אין זיין לאַנד נאָר אין דער גאַנצער וועלט, שרייבט אין זיין צוואה: „מיינע ליבע קינדער! ווען הקב"ה וועט אייך בענטשען מיט אַ גרויס פאַרמעגען און אייך באַגליקען, אויף וואָס איך האָף אין מיין גרויס בטחון צו איהם, זאָלט איהר נישט אויפהויבען שטאָלץ אייער קאָפּ קעגען אַן אַנדערען מענטש! איהר זאָלט תמיד געדענקען, אַז מיר זיינען די קינדער פון אברהם, די תלמידים פון משה רבינו, די דינער פון דוד המלך ע"ה, אונזער אברהם האָט געזאָגט: „איך בין שטויב און אַש". אונזער גרויסער פיהרער משה האָט געזאָגט: „וואָס זענען מיר"? אונזער קעניג דוד האָט געזאָגט: „איך בין אַ וואָרים און נישט קיין מענטש". אונזער משיח וועט זיך צו אונז אַנטפּלעקען „אַלס אַן אָרימאַן רייטענדיג אויף אַן אייזעל". נו, און פון וואַנען זאָל שטאָלץ קומען צו אונז?...

מאַנכע פון אייך, ליבע קינדער, וועלען זיכער פרעגען: צי טאָר איך דען נישט שטאָלץ זיין מיט מיין טאָן אמאָל גוטס אַ צווייטען צי מיטן כוח, צי מיטן פאַרמעגען?

באַטראַכט נאָר ליבע קינדער, וואָסערע טובות עס טוט אונז דער באַשעפער יעדען טאָג, איז דאָך ממילא יעדעס גוטס און גליק וואָס מיר פאַרמאָגען נאָר דעם באַשעפערס, טאָ ווי אַזוי קען מען שטאָלץ זיין דערויף, וואָס מיר זיינען דערביי בלויז אַ שליח פון גאָט.

דער מענטש, דער איד, דאָס אידישע קינד, וואָס פיהלט זיך אַלס עבד השם דאַרף קיינמאָל נישט שטאָלצירען און תמיד וויסען, אַז אויפגעבלאָזענער שטאָלץ איז דאָס קליינע טירעלע צו דער עבירה, ווייל גאווה פיהרט צו שלעכטס. ווי באַלד דער מענטש האָט אין זינען זיין אייגענעם איך און גרויסט זיך מיט זיינע פעהיגקייטען און מעשים, הויבט ער איינציגווייז אָן זיך אַליין צו פאַרגעטערען און דאָס

פיהרט אים אַריין אין אַ טיפער זומפּ, פון וואַנען ער קען נישט אַזוי גיך אַרויס.

באַלד אין אָנהויב פון אונזער געשיכטע זעען מיר, ווי דאָס וועלען צו־שטאָלץ זיין האָט געפיהרט צו אַ סך פאַרברעכענס. דאָס וועלען ענליך זיין צו גאָט און וויסען גוטס און שלעכטס, האָט גורם געווען די עבירה פון צו עסען פון עץ־הדעת.

דאָס רייסען זיך צו האָבען מער פאַרמעגענס האָט געפיהרט צו דעם ברודער־מאָרד פון קין איבער הבל'ן, דאָס דור־הפלגה האָט זיך גענומען בויען דעם טורעם אויך צוליב וועלען זיין גרויס און שטאָלץ ביי זיך. אַזוי אין אונזער גאַנצער אידישער געשיכטע זעען מיר ווי דער פאַלשער שטאָלץ האָט געבראַכט מיט זיך אַ סך טרויעריגע זאַכען.

„תועבת ה' כל גבה לב" — ביי גאָט איז אומווירדיג דער מענטש וואָס איז שטאָלץ ביי זיך! ווען עמיצער באַליידיגט אונז און מיר בייזערן זיך אויף איהם דערויף און ווערען אין כעס, צו איז דאָס נישט דערפאַר, ווייל מיר זיינען נישט געוואָרענט אין דער מידה פון ענוות?

זיין באַשיידען, תמיד מילד זיך באַציען צום צווייטען, וועט אונז שטענדיג מאַכען גליקליך און אין אונז אַריינגעבען איידעלע גוטע מידות אַלס אמת'ע אידישע קינדער.

מיר מוזען זיך אויך היטען פון פאַלשער ענוות. ווען, למשל, עס בעט דיך איינער דו זאָלסט איהם טאָן אַ טובה, זאָלסטו קיינ־מאָל נישט זאָגען ווער בין איך, ווער וועט דאָס קוקען אויף מיינע רייד? ניין, דו מוזט אַלעס אָנווענדען צו העלפען דיין ברודער, דיין שוועסטער און זיי טאָן גוטס וויפיל נאָר דו קענסט. נישטאָ קיין שום שענערע מידה ווי שטענדיג מיטפיהלען די נויט און די ליידען פון אַ צווייטען און אַזוי לערענט אונז אונזער הייליגע תורה.

אַז איהר וועט מיינע ליבע קינדער, זיך אָפּגעוואוינען פון פוסטער שטאָלצקייט וועט איהר פריער און גיכער קומען צום הויכען אידעאַל צו זיין געטרייע קינדער פון דעם פאָלק, וואָס גאָט רופט אויס: ישראל אשר בך אתפאר — דו ביזט ישראל מיט וועמען איך ריהם זיך.

י

# אונזער יום־טוב

איהר וועט אוודאי פרעגען, ליבע קינדער, וואָסערען יום־טוב האָב איך דאָ אין זינען? איך ענטפער אייך טאַקע, אַז דאָס מיין איך דעם 15־יעריגען יובילעאום פון אונזערע בית־יעקב שולען. 15 יאָהר איז אַדורכגעגאַנגען זינט איך האָב זיך מיט אייך אָנגעהויבען צו באַקענען און אייך געבען צו פאַרשטיין די גרויסקייט פון אונזער הייליגער תורה, מיר האָבען אַלזאָ אַ חמשה־עשר־יאָהר פון אונזער ליבער בית־יעקב שול.

נו, איצט פרעג איך אייך, צו זאָלען מיר אַזאַ טייערען און חשוב'ען יום־טוב אַדורכלאָזען גלייכגילטיג?

איך מיין, אַז איהר אַלע וועט מיר געבען גערעכט, אַז מען דאַרף זיך יעדער אָפּגעבען אַ רעכענונג פון דעם אַלעם וואָס מ'האָט אויפגעטאָן אין די 15 יאָהר, כדי צו וויסען ווי אַזוי זיך צו פיהרען אויף ווייטער.

איהר וועט אוודאי אַלע גלייך ענטפערען: און די אַלע שולען בית־יעקב, בנות און בתי' גרופּען, צי איז דען דאָס נישט אַ סך געטאָן?

איך מוז אייך דעריבער געבען צו פאַרשטיין, אַז מיר גייט נישט דאָ אין די צאָל פון די שילערינס אָדער בנות־חברות, נאָר אין דער מאָס אידישקייט, וואָס איהר אַלע האָט זיך דורך דער צייט דער־וואָרבען, און לאָמיר אַביסעל אויסרעכענען פון דעם:

איר ווייסט דאָך אַלע, אַז מיר האָבען היינט שוין אייגענע זשור־נאַלען, „בית יעקב", „קינדער גאָרטען" און „פרישע בלימעלעך", און אויסער דעם אויך די ביכער „אידיש לשון" און „אידיש לעבען". כ'פרעג אייך דעריבער, צי האָט איר כאָטש אַלע זיך איינגעקויפט די דאָזיגע ביכער?

איהר וועט אפשר זאָגען: ס'איז אַ שלעכטע צייט, ס'איז שווער צו פאַרלאַנגען געלט אויף דעם אַלעם. איך מוז אייך דעריבער זאָגען, אַז די דאָזיגע תשובה איז נישט קיין ריכטיגע, איהר וועט דאָך

אוודאי פאַרלאַנגען פון אייערע ליבע עלטערען ברויט ווען ס'וועט אייך הונגערען, אפילו היינט אין דער שלעכטער צייט, האַ? און אויב אַזוי דאַרפט איהר טאַקע פאַרשטיין, אַז די דאַזיגע ביכער זיינען אַזוי ווי ברויט פאַר דער נשמה. און אייערע ליבע עלטערען וועלען אייך אוודאי צוליב טאָן און זאָגען, אַז איהר זענט גערעכט.

שטעלט אייך נאָר פאָר, וויפיל געלט גיט איהר אוים אויף פאַר־שידענע פוילישע ביכלעך צום לייענען און צום לערנען, פאַרוואָס'זשע זאָלען די אמת־אידישע ביכלעך ערגער זיין? אדרבה, זיי דאַרפען שטענדיג נאָך זיין אויפן ערשטען פּלאַץ ביים קויפען, ביים לייענען און ביים לערנען.

איהר דאַרפט אויך ליבע קינדער, אַכטונג געבען, אַז עס זאָל חס־ושלום פון אייך קיינער נישט אויפהערען צו גיין אין די בית־יעקב־שול. שטענדיג איינע די צווייטע שטאַרקען און אויפּווייזען ווי מען טאָר נישט, חלילה אָפּשטיין אין דער מיט פון לערנען אידיש־קייט. איך מיין, אַז איהר פאַרשטייט דאָס אַליין אויך גאַנץ גוט, האַ? נאָכן אַדורכלייענען מיינע ביז איצטיגע בריוועלעך האָט איהר שוין אוודאי גענומען אויף זיך אויסצובעסערען זיך אין מידות, ווי למשל אָפּצוגעוואוינען זיך פון לשון הרע, שטאָלץ, תאווה, שנאה און אַזוי ווייטער.

זייט אָבער וויסען, אַז עס איז נישט גענוג בלויז צו נעמען אויף זיך אויסצובעסערען די שלעכטע מידות, נאָר טאַקע מקיים זיין און דאָס גוטע נעמען אויף זיך, אַ בלויזער גוטער ווילען איז נאָך נישט אַלץ.

צוליב דעם וויל איך אייך היינט געבען אַ פּאָר עצות, ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכען.

אַז מען וויל גוט ווערען דאַרף מען צוערשט אויסרוימען דאָס שלעכטע פון האַרץ. פּונקט אַזוי גוט ווי אין אַ פעלד, וואָס איז אָנ־געוואַקסען מיט שלעכטע גראָזען קענען קיין גוטע פירות נישט אַרויסקומען, אַזוי אויך פון אַ האַרץ, וואָס איז אָנגעוואַקסען מיט שלעכטע מידות קענען קיין גוטע מעשים נישט געבוירען ווערען. אויב מען פיהלט אין זיך עפּעס גאווה, קנאה אָדער כעס, דאַרף מען נישט פּרואווען דאָס צו פאַרענטפערען, נאָר פּונקט אַזוי ווי מען וואָלט געמשפּט אַ פרעמדען, דאַרף מען זיך אַליין משפּט'ן אויפריכ־

טיג, און זעהן מיט כוח זיך אָפּצוגעוואוינען פון די דאָזיגע שלעכטע מידות.

יעדע נאַכט דאַרף מען זיך מאַכען אַ חשבון פון דעם דורכגעגאַנגענעם טאָג, צי האָט מען זיך אין אים עפּעס פאַרבעסערט. אויב יאָ, דאַרף מען אַזוי ווייטער טאָן, און ווען חלילה נישט, דאַרף מען אין דעם אַנדערען טאָג זיך באַמיען שוין גוט צו מאַכען יעדען פעהלער.

אַזוי דאַרף מען זיך כסדר פּרואווען. און מען דאַרף ליב האָבען צו הערען תוכחה (שטראָף־רייד). הערט וועל איך אייך דערציילען אַ שיינע מעשה פון תוכחה: דער גרויסער רבי ר' בונם איז אַמאָל געקומען צו זיין רבי'ן און געזאָגט: „היינט האָט מיך איינער באַליידיגט".

— „און וואָס האָסטו אים געטאָן?" — פרעגט דער רבי.

— „איך האָב איהם געגעבען אַ קוש" — האָט געענטפערט דער רבי ר' בונם.

— „אויב אַזוי — זאָגט דער רבי — מוזטו מיר שוין זאָגען זוער דאָס איז געווען!"

— „דאָס איז געווען — ענטפערט דער רבי ר' בונם — דער „שבט מוסר". (דער נאָמען פון א מוסר־ספר). „איך האָב היינט געלערענט אין דעם דאָזיגען ספר און כ'האָב אָנגעטראָפען אַ שטעל, וואָס האָט מיר אויפגעוויזען, אַז איך האָב זיך נישט גוט געפיהרט און ווי אַזוי איך דאַרף דאָס אויסבעסערען, פאַר דער גוטער עצה האָב איך איהם אַ קוש געטאָן.

איהר הערט אַלזאָ קינדער, ווי אַזוי מען דאַרף ליב האָבען צו הערען שטראָף־רייד, כדי צו וויסען ווי אַזוי צו גיין אין גוטען וועג.

נעמט אייך דעריבער אין זינען אַריין אָט די אַלע זאַכען, וואָס כ'האָב אייך געשריבען לכבוד דעם יום טוב פון אונזערע שולען. באַמיהט זיך זיי אַלע מקיים צו זיין און השם יתברך זאָל שיקען אַ ישועה, אמן.

# אַ מאמר פון פרוי שענירער ע"ה

## צוגעשיקט בעת איר קראַנקהייט צום לעצטען סיום אין בית יעקב סעמינאַר

מיינע ליבע און טייערע קינדער לאוי"ט.

מה נאמר, מה נדבר ומה נצטדק, רבות מחשבות בלב איש, ועצת ה' היא תקום!

יאָ, שוואַך, זייער שוואַך, זיינען די מענטשליכע חשבונות, אָבער ווי השי"ת פירט איז דאָך אַלץ „גם זו לטובה".

געלויבט השי"ת פאַר זיינע חסדים טובים.

זינט אין דער פרי פון היינטיגען טאָג, קען איך זיך נישט באַהערשען פון טרערען. איך, וואָס איך האָב זיך אַלע מאָל באַקלאָגט, אַז עס איז מיר אַזוי שווער ביים דאַווענען צו וויינען, פיל איך ערשט איצט ווי שטאַרק עס זיינען די גייסטיגע בענדער, וואָס בינדען מיר מיט מיינע קינדער. איך געדענקט אודאי, ווי איך פלעג צו זאָגען, אַז עס איז דאָ אַ פּויליש ווערטעל: „צאָ קרעוו, טאָ ניע וואָדאָ" (בלוט איז נישט קיין וואַסער) און איך זאָג... „צאָ דושא, טאָ ניע טשאַלאָ" (נשמה איז נישט גוף). יאָ, גייסטיגע בענדער זיינען דאָך פעסטער, ווייל זיי זיינען אייביג!

דערפאַר פיל איך, אַז אַזוי גוט, ווי מיר גיסען זיך טרערען בשעת איך שרייב צו אייך, אַזוי וועט איהר אויך לאָזען טרערען, בשעת מען וועט לייענען מיינע ווערטער. זאָל השי"ת העלפען, די געגענזייטיגע טרערען זאָלען קומען פאַרן כסא הכבוד און אויסבעטען די גאולה שלימה און דערווייל אַ רפואה שלימה.

נו, און איצט ווענד איך זיך צו אייך, מיינע ליבע קינדער, וועלכע פאַרלאָזען אונזער הויז, גייען אין דער וועלט כדי צו ווערען פירערינס און דערציערינס פון אידישע טעכטער.

איך בין זיכער, אַז איהר פאַרשטייט ב"ה אייער הויכע אויפ־גאַבע. מיר האָבען אַ גוטען באַשעפער ב"ה, וועלכער העלפט דעם מענטש צו גיין אין דעם וועג, וואָס ער וויל. אַזוי האָט ער אויך מיר געהאָלפען, און מיר אין די אַלע יאָהרען פון מיין אַרבייט צו־געשיקט מענטשען, וועלכע טוען מיר געטריי און ערליך צוהעלפען אין מיין אַרבייט.

איך וויל אייך נאָר באַמערקען, אַז צוויי געפאַרען דערוואַרטען מיינע קינדער. זיי זיינען דאָ מער געפערליכער און ווירקענדיקער ווי ביי אַנדערע.

דאָס ערשטע איז, דאָס שטאַרקע לויבען פון מענטשען נאָך אַ געלונגענעם רעפעראַט, וואָס קען ווירקען אויף גאוה, צו זיין „שטאָלץ" ביי זיך, זיי זאָלען מיינען, אַז זיי זיינען טאַקע עפּעס „גרויסע", וואָס פאַרדינען זיך אַ שם און רוהם.

דאָס צווייטע איז פּונקט פאַרקערט. טייל קלערען צופיל אַריין, צי זי דערפילט ריכטיק אירע פליכטען, מען ווערט דערפון ח"ו בעצבות, פאַרצווייפעלט א. א. וו. ביים ערשטען פאַל, זאָלט איהר אייך דערמאַנען, וואָס איך האָב אייך דערציילט פון רבי ר' שמעלקע זצ"ל, וועלכער האָט פאַר זיין ערשטער דרשה זיך אויסגעבעטען מען זאָל אים לאָזען אַ שעה ביחידות אין זיין צימער. דאָרט האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט אַלע לויב־ווערטער און טיטולען וואָס זיינען אים צוגעטיילט געוואָרען און וואָס ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס דערוואַרט אים צו הערען.

האָט זיך אַ מענטש באַהאַלטען און אַלעס באַמערקט, האָט ער זיך שטאַרק געוואונדערט אויף דעם רבי'נס התנהגות און אים גע־פרעגט דערויף. דער רבי ר' שמעלקע האָט אים דאַן געענטפערט:

„אַזוי ווי כ'האָב מורא, אַז די שבחים וואָס מיינע בעלי־בתים וועלען מיר צוטיילען, זאָלען נישט אַריינברענגען אַ שמץ פון גאוה אין מיין האַרץ, האָב איך זיך פריער דאָס אַלץ אַליין געזאָגט, כדי עס זאָל שפּעטער נישט מאַכען אויף מיר דעם מינדעסטען איינדרוק, ווי אַ שבח וואָס אַ מענטש גיט זיך אַליין, ווען קיינער הערט דאָס נישט".

ווידער ביים פאַרקערטען פאַל, ווען מען פאַרטראַכט זיך אויב מען דערפילט ריכטיג זיינע פליכטען, דאַרף מען זיך געבען אַ גענויעם

דין וחשבון, צי מ'האָט זיי ווירקליך דערפילט, און אויב מען געפינט אַז יאָ, דאַרף מען זיך דערמאַנען וואָס איך האָב אייך געהייסען זאָגען יעדען טאָג נאָך דעם דאַווענען — פרשת היראה — וואו עס שטייט:

„ועתה ישראל מה ה' אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה את ד' אלקיך, ללכת בכל דרכיו ולאהבה אותו, ולעבוד את ה' אלקיך בכל לבבך ובכל נפשך.

כאָטש כ'ווייס, אַז איהר ווייסט גאַנץ גוט דעם פשט פון פרשת היראה, דאָך וויל איך איצט נאָך אַמאָל איבער'חזר'ען.

ועתה ישראל, איהר ווייסט, אַז אין די פריערדיגע קאַפּיטלען, איז דערמאנט אַז נאָר פון די געטרייע דערפילונג פון די מצוות, איז אָפּהענגיק אייער צוקונפט, קורץ געזאָגט: כי אם ליראה, ללכת ולאהבה. אַלזאָ דער ערשטער באַדינג איז „ליראה", די אַנדערע „ללכת" און „לאהבה" זיינען די קאָנסעקווענצען פון די ריכטיגע יראה און מיר האָבען דאָך צוזאַמען געלערענט אין „חורב", אַז צו יראת ד' קומט מען, אויב מען האָט ביי יעדען שריט בכוונה, דעם באַשעפערס גרויסקייט און אונזער נישטיגקייט.

**ללכת בכל דרכיו**, נאָר דער געדאַנק קען אונז פירען צום דער־פילען אַלע זיינע מצוות און צו פילען דאָס גליק וואָס דאָס דערפילען ברענגט אונז, ווי מיר זאָגען יעדען טאָג ביי שחרית: **אשרי איש שישמע למצותיך ותורתך ודברך ישים על לבו.**

יאָ, „דרכיו דרכי נועם" און דאָס געפיל פון נשמה-גליק ברענגט אונז צו אהבת השם, וואָס איז דאָס העכסטע און גרעסטע גליק, אָפּ־געבען זיך צו השם, זיך פילען נאָענט פון אים, **ולעבוד את ה'** און מיט די ליבשאַפט געפילען אויסנוצען אַלע כחות, געדאַנקען און גע־פיהלען פון אונזער הארץ, אַלע גייסטיגע און קערפערליכע פעהיגקייטען נאָר צום דערפילען דעם באַשעפערס רצון אויף דער וועלט.

אָבער איהר ווייסט, ווייל יראת ה' איז אַזוי גרויס, האָט עס השי"ת איבערגעגעבען אין אונזער האַנט, ווי די חז"ל דערקלערען: „הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים". דאָס איז דאָס איינציגע, וועלכעס איז „ממך", — דאָס הייסט: וואָס השם פאָדערט פון דיר דאָס איינציגע וואָס השי"ת דערוואַרט פון אונז פאַר אַלעם וואָס ער גיט אונז. אין לו להקב"ה בבית גנזיו, אלא אוצר של יראת שמים, זי איז דער שליסעל צום אַל-ווּיסען און די אמתע התנהגות פון יראת שמים

איז צו דערפילען אַלע **מצוות**. יאָ, מיינע ליבע קינדער, **אַלע מצוות**! ווי דוד המלך זאָגט: תורת ה׳ **תמימה** משיבת נפש, מען קען דאָ נישט אָנערקענען קיין אכציג אָדער אפילו ניין-און-ניינציג פּראָצענט, ווייל זי איז „תמימה״, און נאָר ווען מ׳האַלט זי תמימה, דעמאָלט משיבת נפש, קען זי באַגליקען אונזער נשמה.

אַלזאָ מיינע טייערע קינדער, איהר זענט שוין ב״ה נאָך אַלע מינדליכע און שריפטליכע פּרואוואונגען, איהר האָט זיי ב״ה אויס-געהאַלטען, אָבער איצט קומט די אמתע, די שווערסטע פּרואוואונג, — דאָס לעבען.

דאָס לעבען איז לײדער אַ סך מאָל האַרט, אָבער איהר האָט ב״ה דעם שטאַרקסטען כלי-זיין דערצו, טאַקע אין **יראת, אהבת ועבדות השם**.

יאָ, נישט ווילענדיג באַהערשט מיך אַ פּיינליכער געדאַנק; צי פילען באמת זיי, מיינע קינדער, די יונגע פּיאָנערינס דעם גרויסען פאַרטרויען, וואָס איך, און אַזאַ גרויסער טייל פון דעם אידישען פאָלק לייגט אויף זיי? צי פאַרשטייען און פילען זיי דאָס גרויסע אחריות, וואָס זיי נעמען אויף זיך אַלס דערציערינס פון אַ יונגען דור? וועלען זיי קענען ביישטיין די אַלע נסיונות, וואָס דערוואַרטען זיי אויף זייער נייעם וועג, ווען **דאָס לעבען** וועט זיי פּרואווען?

און אַ שטילע תפילה רייסט זיך פון מיין האַרץ, ווי אייביג אין אַזאַ שעה: „אָ, גרויסער באַשעפער, העלף צו מיינע געטרייע קינדער אין זייער הייליגער אַרבייט״!

זאָלען זיי נישט צופיל געפּרואווט ווערען אויף זייער נייעם וועג, זאָל אין זיי מקוים ווערען דער מאמר פון אונזערע חז״ל, וועלכער באַגלייט מיך ב״ה פון די ערשטע שעה אין מיין אַרבייט: „הבא לטהר מסייעין אותו״.

„זיי האָבען זיכער אַ גוטען רצון, העלף-זשע טאַטעשי אין הימעל, אַז פון דעם גוטען רצון זאָלען גוטע און שיינע מעשים אַרויסוואַקסען״.

איך דערמאָן זיך אין די ווערטער וואָס אונזער חשובער ה׳ אָרלעאַן האָט געזאָגט, ווען ער איז אָנוועזענד געוועזען ביי אַ בחינה אין ראַבקע. די ווערטער קלינגען מיר נאָך אין די אויערען.

„אַז איהר קענט לערנען און באַלערנען, דאָס האָבען מיר זיך איבערציינגט בעת דער בחינה, אָבער צי איהר וועט אויך קענען

דערציען די יונגע אידישע נשמות, אָט די פראַגע האָט אונז באַשעפ־טיגט אונזער האַרץ, דורך דער גאַנצער צייט פון די בחינות".

מיר האָבען געהאַט בכוונה די יונגע כהנים אין בית־המקדש. די כהנים האָבען געהאַט דעם חוב צו היטען די קדושה פון בית־המקדש... היינט ווען דאָס בית־המקדש איז חרוב און יעדעס אידישע הויז איז אַ בית־המקדש, ליגט אויף אייך די דאָזיגע פליכט. איהר גייט איצט אַרויס אויף דער וועלט בויען מקדשים.

איידער דער כהן איז צוגעטראָטען טאָן די עבודה, האָט מען אים געפרעגט, אפשר איז דאָ עפּעס פרעמדס אין דיין האַרץ? אָדער אפשר האָסטו נישט אַלץ געננוי דורכגעלערענט?

ווען דו האָסט נאָך נישט אַלץ גענוי דורכגעלערענט, באַשולדיגען מיר דיך נישט. נאָר אפשר איז פאַראַן עפּעס פרעמדס אין דיין האַרץ, וועסטו פאַראומרייניגען דיין הייליגע אַרבייט".

„איהר, ליבע קינדער, גייט איצט אַרויס אין דער גרויסער וועלט. ריינע קינדישע נשמות וועט מען אייך איבערגעבען. איהר דאַרפט די דאָזיגע ריינע נשמות דערציען אַלס מענטש־ישראל!"

געדענקט, פון אייך איז אָפּהענגיג דער גורל פון יונגען דור און ממילא פון גאַנצען פאָלק. ווי שרעקליך וועט זיין אייער הטא, ווען אייער האַרץ וועט ח"ו נישט זיין אין גאַנצען ריין, אין גאַנצען איבערגעגעבען צו אונזער הייליגער אידייע...

יאָ, איך פיל נאָך דעם איינדרוק, וואָס יענע ווערטער האָבען אויף מיר געמאַכט.

איך בין זיכער, אַז אַלע, אַלע מיינע קינדער, האָבען דעמאָלט ביי זיך פעסט באַשלאָסען, טריי צו בלייבען אונזערע אידעאַלען, מען מוז אָבער געדענקען, אַז דאָס לעבען איז אָפטמאָל — האַרט...

אַלזאָ שטאַרקט אייך, שטאַרקט אייך אין אייער עבודת־הקודש! געדענקט די ווערטער וואָס מיר האָבען צוזאַמען געלערענט אין די שריפטען פון רש"ר הירש זצ"ל: „באַגייסטערען איז לייכט, זייער לייכט — אָבער אויפצוהאַלטען די באַגייסטערונג יאָהרען־לאַנג, דאָס גאַנצע לעבען לאַנג, אָט דאָס איז דער עיקר". קיינמאָל זאָלען אונזערע כוחות נישט אָפּגעשוואַכט ווערען און נישט מיד ווערען זיך צו ווידמענען צו עבודת־הבורא, יאָ, דאָס פעהלט אונז נעבעך אַממערסטען!

און דאָס פאַרלאַנג איך פון מיינע קינדער אַמשטאַרקסטען!

קיינמאָל נישט מיד און אָפּגעשוואַכט ווערען, סיי צוליב מאַ־טעריעלע צרות וואָס זיינען ליידער אַזוי אָפט, סיי צוליב ווייניג הצלחה ביי די קינדער. ביי יעדע מלאכה זיינען פאַראַן שוועריגקייטען. פאַרוואָס זאָל גראָד ביי די עבודת־הקודש אַלעס אַזוי גרינג אָנקומען. שטאַרקט אייך אַקעגען אַלע!

איך וואָלט אפילו שוין מער נישט געשריבען, אָבער איך האָב דאָך שוין אַזוי לאַנג נישט גערעדט מיט אייך און איהר פייערט היינט אַ סיום, כמעט פון גאַנץ תנ"ך, דערמאַן איך זיך די חסידישע מעשה ווען אַ תלמיד איז געקומען צו זיין רבי'ן מיט אַ שמחה זאָגענדיג: „רבי, איך האָב אויסגעלערענט גאַנץ ש"ס". — „און וואָס האָט ש"ס דיך אויסגעלערענט" ? — פרעגט דער רבי...

יאָ, מיינע טייערע קינדער. באַטראַכט נאָר וואָס פאַר אַן אוצר פון תורה איהר פאַרמאָגט. איהר ווייסט אָבער ב"ה גאַנץ גוט, אַז „לא המדרש עיקר אלא המעשה".

דאָס איז דאָך ביי אונז דער עיקר.

אַזוי ווי איך האָב שוין אָנגעוויזען, אַז יראת־שמים און עניוות זיינען די וויכטיגסטע און שווערסטע מדות, וואָס איהר באַדאַרפט אין אייך אויסאַרבייטען, וויל איך נאָך זאָגען אַ געדאַנק פון דער סדרה שמות.

עס שטייט: „וירא אליו ה' בלבת אש מתוך הסנה והסנה איננו אוכל".

די מיטעל־אותיות פון וואָרט „אש" — אל"ף שי"ן — מאַכען לי. „ל" איז דאָס גרעסטע אות און „י" איז דאָס קלענסטע אות פון א"ב, דאָס ווייזט אונז **בכל מקום שאתה מוצא גדולתו של הקב"ה, שם אתה מוצא ענותנותו.** אַזוי ווי אותיות למ"ד יו"ד לערנען אונז, אַז הקב"ה וואָס איז דער העכסטער איז גלייכצייטיג אַן עניו. ווי רש"י הקדוש שרייבט אויפן אָרט: לא משאר אילן, נאָר „מתוך הסנה, כי עמו אנכי בצרה". דאָס ווייזט אויף עניוות, השגחה־פּרטית און אמונת השם.

די תורה־הקדושה איז זיך מסיים מיט די ווערטער „לכל האותות והמופתים אשר עשה משה לעיני כל ישראל. דאָס לערענט אונז אַז דער צדיק האָט דעם זעלבען כוח ווי השם צו טאָן וואונדער, ווייל בשעת בריאת העולם האָט השם זיך אויסגערעדט מיט דער וועלט,

זי זאָל זיין געהאָרכזאַם דעם צדיק ווי די ספרים הקדושים שרייבען, אַז דערפאַר האָט דער סוף פון דער תורה א חיבור מיטן אָנהייב „בראשית ברא אלקים" צו לערנען אמונת השם און אמונת חכמים.

נביאים ענדיגט זיך מיט ספר „חבקוק", וועלכער פאַרענדיגט זיין ספר: הנה אנכי שולח לכם את אלי' הנביא. און דער אָנהויב פון זיין ספר: „ד' שמעתי שמעך ויראתי".

ווי מיר ווייסען, איז חבקוק געווען דער זון פון דער שונמית וואָס אלישע הנביא האָט אים לעבעדיג געמאַכט, האָט ער דאָך געזעהן דעם כוח פון צדיקים.

די יראה פאַרן צדיק ברענגט צו יראת השם ווי די חז"ל זאָגען „את ד' תירא", מיינט מען „לרבות תלמידי חכמים". און מיר זאָגען דאָך אויך יעדען טאָג „**ויאמינו בד' ובמשה עבדו**".

דעריבער ענדיגט חבקוק „הנה אנכי שולח לכם את אלי' הנביא" צו ווייזען אַז די גאַנצע גאולה קען קומען נאָר דורך אמונה.

נו, איך ענדיג מיט מיינע אַלטע פסוקים (נישט מיינע, נאָר דוד המלך'ס), וועלכע זאָלען אייך שטענדיג באַגלייטען:

**עבדו את ה' בשמחה! שויתי ה' לנגדי תמיד! ראשית חכמה יראת ה'! למנות ימינו כן הודע! תורת ה' תמימה משיבת נפש!**

**ד' ישמור צאתכן ובואכן מעתה ועד עולם.** נו, השם זאָל אונזערע תפלות אויסהערען, אונז שיקען באַלד די גאולה שלימה, אמן.

אייער **שרה שענירער**

קראָקע פ' שמות תרצ"ה.



דער בנין פון דעם „בית-יעקב" לערערין סעמינאר און היי סקול אין אמעריקע

Beth Jacob Teachers Seminary and High School of America

הרב שלמה ראטענבערג

# מיט אויסדויער און בטחון.

## (פון קראקא ביז ניו יארק)

קליין און נישטיג איז געווען די התחלה, מיט זעכצן יאר צוריק, דעמאלט, נאך סוכות תרצ״ט. שווער זיינען געווען די באדינגונגען, פרעמד און רוי דאס יוגנט־מאַטעריאל. גאָר קנאַפּ זיינען געווען די אויסזיכטן אויף הצלחה. אבער ברען און אידעאליזם האט, אויף אמעריקאנער ערד, דערהויבן די פאָן פון בית־יעקב, האט געשאפן דעם אנהויב פארווירקליכט דעם חלום.

אנגעהויבן האט זיך דער „סעמינאר״ — געגנוי ווי אמאָל אין קראקא — שאַ־שטיל, אן שום פּאָמפּע, אין א קליינעם פריוואטן צימער׳ל, אויף 156 סאוט 9־טע סטריט אין וויליאמסבורג. בלויז איין אָוועגט־קלאס, מיט סך־הכל 7 תלמידות.

אבער ווי א התגלות איז געווען דאס באלערענדעווארט. געשלונגען האבן די תמימותדיקע אמעריקאנער קינדער דאס ליכט פון דער תורה. פון סאמע אנהויב איז געוואקסען די צאל תלמידות, און שוין עטליכע חדשים שפעטער איז געווען נויטווענדיק צו איבערפירן דעם „סעמינאר״ אין א גרעסערן לאָקאַל, צוויי צימערן, אויף 240 קיעפּ סטר׳ט, שפעטער שוין מיט א שטאָב פון דריי פון די ערשטקלאסיגסטע קראקאווער לערערינס.

גאנץ שנעל איז אבער אויך קיעפּ סטריט געווארן קליין. צובליט האט זיך דער יונגער מוסד. אומערווארטעט איז געווען דער אָפקלאנג. דאס אידישע ניו־יארק האט דערזען א נייע וועלט, א ניי־אלטן חנוך פאר זייערע טעכטער. פון נאָנט און ווייט האבן תלמידות געפונען דעם וועג צום סעמינאר. און די ענגשאפט האט, סוף תש״א געפירט אינם אלטען מתיבתא בילדינג, 505 בעדפאָרד עוו.

תש״ד האט דער סעמינאר געמאכט דעם ריזן־שריט, אריבער אינ׳ם היינטיקן גרויסן שול־בנין אויף 143 סאוט 8טע סטריט. אריין אין „א מלכות״, ווי עס האט דעמאלט געהייסען. א כלי וועלכע זאל קענען האלטן אין זיך א ברכה, אן אמתדיקע ברכה. און אט דארט אויף סאוט 8טע סטריט האבן זיך אנגעהויבן שרייבן די אזוי הערלעכע בלעטער פון דער היסטאריע פון דעם בית יעקב לערערין סעמינאר אין אמעריקע.

אויף סאוט 8טע סטריט האט זיך אויך אנגעהויבן די בית יעקב היי־סקול. אומאונטערבראכן איז געווען דער פראגרעס. צוואוקסן האט זיך דער מוסד בכמות ובאיכות. פון די ווייטסטע שטעט פון אמעריקא האבן תלמידות

געשטראמט צו בית יעקב. פון קאנאדע און מעקסיקא, פון בראזיל, פון אורוגוויי, פון ארגענטינע. איבער גאנץ אמעריקא האט זיך צושפרייט איר נאמען. ביז עס איז הייט געווארן די ריזיקע חנוך־אינסטיטוציע מיט העכער 500 תלמידות, און א שטאַב פון 40 לערער, מיטן מוסטערהאפטן טאג סעמינאר (פינף טערמס.), דער אָוונט סעמינאר, און דער היי־סקול דעפּארטמענט, וואו די תלמידות דערהאלטן נישט נאָר א קלארע באוואוסטזיניקע תורה־דערציאונג, און אן ערשטקלאסיגן אונטעררריכט פונם אפיציעלן רעגירונגס־פּראָגראַם פאר למודי חול, נאָר דערצו אויך א צוגרייטונג צום לעבן, א שולונג אין די בעל־ביתשקייט פון די צוקונפטיגע יידישע מאמעס.

אבער נישט נאָר למוד, נישט נאָר ידיעות זיינען די גרויסקייט פונם סעמינאר. דער בית יעקב חנוך, דאס לעבעדיקע יידישקייט, דער ארום־און־ארום, די גאנצקייט. — — פאַראַן ע פּ ע ס וואס צייכענט אויס דעם סעמינאר פון אלע. אט דער עפּעס איז עס! ע ר איז דער סוד פון די הצלחה! ע ר שמידט די תלמידות צום סעמינאר. ע ר פארכישופט און הויבט זיך אריבער איבער אויסערלעכקייט און מאטעריעלע שול־באקוועמלעכקייטן. ע ר גיט עס דעם ספּעציפישן בית יעקב כאראקטער. און צוליב אָט דעם עפּעס איז אזוי קענטיג, אזוי אנדערש א תלמידה פון בית יעקב סעמינאר.

ווייט איז דער וועג פונם קליינעם אנהויב פון תרצ״ט. צובליט האט זיך דאס קערנדל אין א ריזיגן בוים. געווארן איז דער סעמינאר א הויפּט־פאַקטאָר אינם אידישן כלל לעבן אין אמעריקא. צווישן אירע מויערן בויט זיך א הערלעכע צוקונפט. דארט באקומען די תלמידות דעם רייכן לעבעדיקן תורה־באַגאַזש, מעטאָדיש און פּעדאַגאָגיש. דארט ערווערבן זיי זיך דעם ברען און די פאַכמענישע ידיעות צו קענען זיין די געטרייע מחנכות פונם יונגן דור. און אזוי זיינען שוין היינט הונדערטער מסיימות די איבערגעגעבינע לערערינס אין די בית־יעקב שולן און אין די פארשידענע חנוך אינסטיטוציעס איבערן גאנצן לאנד.

און אלץ ווייטער וואקסט בית יעקב.

ווידער איז ענג צווישן די מויערן פון סעמינאר. אלץ שרייט פאר עקספּאַנסיע! גאָר ברייט זיינען די האָריזאָנטן. מיט ענשלאסנקייט און בטחון בויט זיך ווייטער. שטענדיק ווייטער, פאר תורה און יידישקייט.

גרויס איז דאס אחריות. גאָר שווער דער עול.

אַ ז ו י טראָגט דער סעמינאר מיט שטאָלץ די פאָן פון חנוך הבנות.

דאָס בוך איז איבערגעדרוקט געוואָרן דורך דעם „בית־יעקב" לערערין סעמינאר אין אמעריקע מיט דער מיטהילף פון דעם קאָמיטעט פארן ארויסגעבן די געזאמעלטע שריפטן פון שרה שענירער ז"ל.

דער קאָמיטעט באשטייט פון די פאָלגענדע געוועזענע תלמידות פון שרה שענירער ז"ל, און מסיימות פון קראָקאָווער סעמינאָר:

לויטן א—ב

בתי' בענדער

חו' וואכטפויגעל

בת שבע סאלאווייטשיק

רבקה ספרינגער

חו' פינקוס

רחל ציזנער

וויכנע קאפלאן

חנה ראטענבערג

ווי אויך פאָלגענדע אמטירענדע לערערינס אין דעם היגן „בית־יעקב" סעמינאָר און היי סקול:

חנה וויזעל

שרה ציילבערגער

# די פאָלגענדע מסיימות פון דעם „בית יעקב” לערערין סעמינאַר האָבן געהאָלפן דאָס ארויסגעבן די שענירער שריפטן, דורכן איינצאָלן טיילוויז פאַרן בוך אין פאָראויס.

א

אדעסט אסתר
אונגער יהודית
אוש חנה מרס.
אייזמאן תושי׳
אייזענבלאט רבקה מרס.
אייזענבערג רות מרס.
אייכארן יאכעט מרס.
איינזידלער דינה
אלטוסקי לאה מרס.
אלטוסקי פרומע מרס.
אלטיים רחל מרס.
אלטשטעטער אסנת
אליאק שרה מרס.
אראטז פנינה

ב

באגנער מרים
באמבערגער דינה מרס.
בוימינגער רחל
ביין אסתר
בינסטאק חו׳
ביר טובה
בירנבאם רחל מרס.
בלאך יהודית מרס.
בלומענקראנץ שרה
בעסבראדא מרים מרס.
בערלינער אסתר
בערגיי איטע מרס.
בראדי חנה מרס.
בראנער גיטל
בראנער לאה מרס.
ברודני רחל מרס.
ברוקס צערטל מרס.
ברעסלויער לאה מרס.

ג

גאלדמאן אסתר מרס.
גאלדשטיין דבורה מרס.
גארבער חנה מרס.
גארדאן צפורה
גודמאן לאה מרס.
גוטער זלאטע מרס.
גורעוויץ זהר
געלבענדארף מרים
געלדציילער יהודית
גענויער פייגע מרס.
גראזאבסקי רות מרס.
גראס חנה לאה מרס.
גראסמאן טשארנע
גרין חנה מרס.
גרינוואלד שושנה מרס.

ד

דארפמאן טובה מרס.
דובינסקי מרים
דיר דבורה מרס.
דיר חנה
דערען קעני מרס.

ה

האבערמאן אסתר מרס.
האכבערג לאה מרס.
האלבערשטאם מרים מרס.
האלענדער איידל מרס.
הארוויץ זיסל מרס.
הארוויץ פייגע מרס.
הוטנער ברורי׳
הערשבערגביילע מרס.
הלר אסתר
העס שרה
הערשקאוויץ יהודית מרס.

ו

וואלף אסתר מרס.
וואלף יהודית מרס.
וואלפסאן מלכה מרס.
וואסילסקי הדסה מרס.
וואקסמאן רייזל
ווידערמאן לאה מרס.
וויטי שפרה מרס.
ווייטמאן שושנה
וויינבערג אסתר מרס.
ווייסמאן אסתר
ווין חי׳ מרס.
וויינטרויב הדסה
וויינטרויב חו׳
וועבערמאן גיטל מרס.
וועגנער נחמה

ז

זעלענגוט שרה מרס.

ח

חאנאוויץ לאה מ״ס.

ט

טאלאנסקי שרה מרס.
שווערסקי גאלדע מרס.
טייערשטיין אסתר
טערעבעלא מלכה מרס.
טראוב שרה מלכה
טשייאנס שרה
טשיטריק רבקה מרס.

י

יאסטראב פייגע

כ

כהן איטע
כהן אסתר
כהן דבורה
כהן חנה מרס.
כהן רות מרס.
כהן שרה מרס.
כהנא חי׳ שרה

ל

לאנגסאם אביבה מרס.
לובארט חנה מרס.
לוי רות
לוי שרה רבקה מרס.
ליבאוויץ פעשע מרס.
ליבערמאן רחל
לייטער חי׳ פערל

לעדערמאן לאה
לעוויטאן שרה מרס.

מ

מאללער דבורה
מאללער לאה מרס.
מאנדעל צבי׳ מרס.
מאנעס מלכה מרס.
מאסקאוויץ צפורה מרס.
מינץ חי׳ מרס.
מינץ רבקה
מעהלער ברכה
מענדלאוויץ שושנה מרס.
מערלינג אסתר מרס.

נ

נאבל דינה
נאלל פריידע
נוברגער שרה
נומאן יוכבד
נוסבוים זהבה
ניימאן שרה מרס.

ס

סאכאטשעווסקי לאה מרס.
סארשער שרה מרס.
סווערדלאף אסתר מרס.
ספערלין חנה מרס.

ע

עבערט סימע מרס.
עהרענפעלד חנה מרס.
עהרענפעלד לאה
עלעפאנט גאלדע מרס.

פ

פאגעל רבקה מרס.
פאמעראנץ מיכלע
פורעץ אסתר

פייגענבוים חנה
פילטשיק גיטל מרס.
פינטער גיטל מרס.
פינקעל רבקה
פישביין יוכבד
פישביין נחמה דאבע
פלאםביילע מרס.
פליישמאן רות מרס.
פעבארסקי לאה מרס.
פעכטער שרה
פעלדבלום אסתר מרס.
פעלזענבורג יהודית
פענסטערהיים שושנה מרס.
פערלשטיין ברכה
פראנקפורט מרים
פרידמאן טעמי מרס.
פרייגער שולמית מרס.
פרייפעלד שרה מרס.

צ

צוויי דבורה מרס.
צענסאר עלסי מרס.

ק

קאטסאב שרה מרס.
קאמינעצקי טעמי מרס.
קאמינעצקי שולמית מרס.
קאנאריק רחל לאה מרס.
קארלבאך מדלה מרס.
קארפ רבקה מרס.
קוטען גאלדע
קוליק בתי׳
קופערמאן שרה מלכה מרס.
קליין פייגע מרס.
קליין רייזל
קסלר פייגע מרס.
קסלר רחל
קעמינסקי הדסה מרס.
קערשענבוים יהודית מרס.

קפלן צירל
קרוגער רבקה
קרוגער שרה
קרייזער רבקה מרס.
קריימער רחל מרס.

ר

ראזענבוים יהודית מרס.
ראזענבוים מרים מרס.
ראזענבערג מלכה מרס.
ראזענגארטן דינה מרס.
ראזענגארטן שרה מרס.
ראטענבערג עדינה מרס.
ראטענבערג נעטי
רבינאוויץ רבקה מרס.
רובין מרים מרס.
רובינפעלד מרים
רוקח מרים
רימלער סאשע
רענערט מלכה מרס.

ש

שאנפעלד חי׳
שוואדראן לאה
שאר רחל
שטיינווארצל רבקה מרס.
שטערן חו׳ מרס.
שיינבערג רחל מרס.
שינדלער איטע
שיף חנה
שלעסינגער צפורה מרס.
שעכטער העני
שעכטער לאה מרס.
שעכטער שושנה מרס.
שקלאר יפה
שקלאר לאה
שקלאר ראשע מרס.
שרייבער מלכה

תלמידות פון בית־יעקב היי סקול און לערערין סעמינאַר וועלכע
האָבן געהאָלפן דאָס ארויסגעבן די שענירער שריפטן,
דורכן איינצאָלן טיילווייז פארן בוך אין פאָראויס.

א

אבראמסאן רבקה
אוושאנקע יחד
אולמאן קיילע
אולמאן שרה
אייכענטאל רעכיל
איליאוויטש צפורה גיטל פערל
אלוף שרה
אללען טובה
אפפעל בינה
אקסלרוד מרים
אקערמאן חנה
אראן יהודית
ארנאלד פריידע

ב

באדנער פנינה
באכנער זעלדע
באלאג אסתר
באשקאוויץ אהובה
ביווערפעלד פרומע
ביכלער בלומע
ביק חנה
בירנהאק חנה
בלאק אסתר
בלאק שרה
בלוי מרים
בלומענקראנץ חי׳
בלומשטיין עטל
בעלסקי ברכה
בערקאוויץ לאה
בראווער מינדל
בראון שושנה
בראנדוויין דבורה
בראנדלער חנה
ברון צפורה
ברון פריידע
ברילל זהבה
בריקמאן רחל

ג

גאלד אסתר
גאלדהירש שרה
גארדאן שרה פריידע
גארפינקעל שרה
גארפינקעל שולמית
גוגענהיים חוי׳
גוגענהיים חנה
גודמאן חי׳
גינזבורג אסתר
גיסינגער בתי׳
גלדצלר פרומע
גערמאן ביילע
גערצלין חנה
גערשטנער גיטל
גרינבערגער ביילע

ד

דאדעלעס טעלץ
דאקס נעכע
דובינסקי בת־שבע
דוד שרה
דוכאנאוו הינדע
דזוראוועל שולמית
דייוויס רחל לאה
דעמביצער חי׳ ולאה

ה

האלבערשטאם מלכה
האלענדער רבקה
הארטשטיין צפורה
הארטשטיין שרה לאה
הורביץ ביילע
הורביץ חנה
הורוויץ בלומא
היילברון חנה גיטל
הירש שרה רבקה
הלברשטם יהודית
המר אביבה
הערט יונינה
העס יהודית
הערשלער שפרה

ו

וואן שרה
וואקסמאן רבקה
ווארשאוויאק חי׳ דבורה
ווידען חי׳
וויזעל יהודית
וויינבראנד בתי׳
וויינטרויב מרים
ווייס יעטע רויזע
ווייס מרים

ז

זאהן חי׳
זאליסקי פרומע
זאנד עלקא יהודית
זיגלער שושנה
זיסקינד צירל
זעגעלבוים חנה

ט

טורקעל דבורה
טייטץ נעמי
טייכער מלכה
טענענבוים רחל
טענזער פייגע
טראפ חנה
טשעקאנאוו אסתר

י

יוגאוויץ שרה

כ

כהן יוכבד
כהן מרים
כהן שולמית
כהן שרה
כהן שרה
כץ פערל
כץ רחל
כץ שרה

ל

לאנדינסקי רחל
לאסקי חנה
לו רחל
לויפער פנינה
לוסטיג רבקה בלומע

ליבערמאן טילי
ליבערמאן מרים
לייפער רחל
ליכטמאן חשה
ליפשיץ רבקה
לעוו שרה
לעווין בריינדל
לעווין שרה
לענטשיץ רחל
לערמאן פרומע הנה
לירמאן צירל

מ

מאלינגער גאלדע
מאנדעל שרה
מאסטעל אסתר
מארגענשטערן צייטל
מייזעלס עכסה
מייזעלס רבקה
מילער ליבע
מילער שיינע
מינצבערג פערל
מעץ לאה

נ

נאלל אסתר
נוראט רות
ניומאן איטע חי׳
ניומאן גיטל
ניימאן טובה
ניימאן פנינה
נעקריץ חי׳
נעקריץ שושנה

ס

סאמערסטיין יפה
סילווערבערג פרומע
סילווערמאן לאה בינע
סלץ אסתר
סעפטימוס חי׳
ספיר חי׳ צבי׳
ספערבער שושנה
סקאלעצקי סימע

ע

עדער חנה
ענגעל שרה
עסטרייכער פריידע
עפשטיין אסתר
עפשטיין פייע

פ

פאגעל עליזה
פאזנער בתי׳
פאלאסקי שיינדל
פאלמאן צפורה ביילא
פאפערניק פייגע
פאקס נעמי
פארסט חנה
פוקס איטע
פייליג בת־שבע
פייליג חו׳
פייליג שרה
פינקוס נחמה
פישביין רות
פלעמינגער מרים
פלר אביגיל
פעדער שרה
פעלדמאן ביילע
פענער שרה
פעקארסקי שרה
פערל דבורה
פערלמאן פייגע
פערלשטיין דבורה
פראם טשארנע
פרידמאן מינדל
פרידמאן מנוחה
פרידמאן ניסל
פריי טובה
פריימארק רחל
פריינד ריילה
פרענקל חנה
פרנס פעשע

צ

ציוויאק פריידע
ציזנער יוכבד
ציטראנענבוים ביילע

ק

קאגאן חו׳
קארניצער רחל
קארפ בינה
קארפיאיל הדסה
קופרמן רחל
קירזנער רות
קירשבוים חנה
קלוגמאן אסתר מלכה
קליין חנה
קעללער טשארנא
קפלן מרים
קפלן רחל
קריימער שיינדל

ר

ראהינסקי נחמה
ראזמאן רבקה
ראזען רבקה
ראזענבוים עלקא
ראזענבערג העני
ראזענבערג העני
ראזענבערג רייזל
ראזענבערג שרה
ראטהויז מרים
ראטענבערג חדו׳
ראטענבערג רבקה
ראטהשילד פאגילע צפורה
ראפמאן גיטל
ראקאווסקי דבורה
ראקאווסקי מרים
ראקאווסקי רות
רובין רחל
רובינשטיין חו׳
רוזנברג שפרה
רייז חי׳
ריינעץ מלכה
רפאל בונה

ש

שאליצקא פריידע
שאפירא נעמי
שווארץ ביילע
שטויבער רחל ובריינדל
שטיינבערג מלכה
שטיינבערג עליזה
שטערן גאלדע
שטערן רחל
שטערן רחל
שיינער קיילע
שימאנאוויטש מאשע
שניידער בת־שבע
שעכטער חו׳
שעכטער לאה ובלומע
שפיצער גאלדע

ת

תרשיש רחל